№ 6. ... אנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג

ז' שבט תרס"ג. | פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. | 4 Februar 1903.

# נייעס!

## פראַקטיש און ביליג!

**טאשען-קאסעס** (½ לויט וואג) אין ניקעל און פלאַטיע, זעהר פראַקטישע שפּאַרזאם קאס-סעס אנצוזאמלען זיך א סומע, דורך אריין לעגען אין קאסעלע יעדען טאג א 10 קאפעקען שטיק, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן ה׳ רובעל.

דאס קאסעלע איז זעהר ניצליך פיר פרויען און קינדער אין איבערהויפּט פיר אינקאסא און אסעקוראַנץ אגענטען איבער צו געבען עס די קונדען גראַטיס. אלס פראבע שיקען מיר אויך ארויס 1 דוצענד.

אגענטען מיט גוטע בעדינגונגען ווערען געזוכט.

— פאטענט № 19401 —

(151) אדרעסע: 3—1

**Б. Тененбаумъ**

Варшава, Гусья 27, кв. 37.

---

# ד"ר מ. קעניגשטיין

**ווארשא, גראַניטשנא № 6**

בעהאנדעלט האלז-, אויערען- און נאזען-קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה און 4—6 נאכמיטאג. אין דער היילאנשטאלט דזיקא 26 פון 2 ביז 3. (96) 12—50

---

## בערדיטשעווסקעס קליינע ביכלעך

1) א מעשה
2) שמועסען
3) הקדמות.

פרייז פיר אלע דריי ביכלאך 15 קאפ׳ צו בעקומען אין דער רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג", „הצפירה" און ביי ה׳ צוקערמאן, מו"ס. (144) 2—4

---

## ווכטיג 

### פיר סוחרים און פאבריקאנטען.

מאכע היערמיט בעקאנט, דאס אום צו קענען אויספיהרען רעעל און זויבער די בעשטעללונגען פון די געעהרטע קליענטען, האבע איך מיינע 17 יאהר לאנג עקזיסטירענדע (141) 3—4

# שילדער-פאבריק

איבערגעטראגען פון דזיקא 16 אין א פיעל גרעסערען לאקאל

## דזיקא 26

און נעהמע אויך אן אללעראַרט מאלער ארבייט אין געוועלבען און פאבריקען צו אללער ביליגסטען פרייזען.

**M. Burgin, Warszawa Dzika 26.**

---

## פריילינען און [...]

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען [...] נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע, אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע.

ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

(25) 52—23

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя ома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

Bracia Pryzment & Aleksander Lewin.

אליין-פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד אונד פוילען

# טואלעט-זייפען אונד פערפומעז

דער בעריהמטער פאבריק

# Gust. Stuermer

רעקאמאנדירען בעזאנדערס בלומענזייפען פערשיעדענער גערוכען, וויא אויך **Semiramis** אונד א נייע סאָרט זייפע **Trianon**, אויך אללע סאָרטען אָ-דע-קאָלאָן אונד **בלומענ-אָדע-קאָלאָן** אין פערשיעדענע גערוכען.

5—4 **Warszawa, Pasaż Simonsa sklep Nr. 11.** (133)

---

חירורגיש-אָרטאָפּעדישע אנשטאלט

# פון ד"ר רייכשטיין

נעהמט אן צו חירורגישע בע-האנדלונג אויסגעקרומטע שדרות און פיס; געלענק- און מוסקעל-קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאַז, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער אָר-טאָפּעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספּעציאַליסטען: קארסעטען, אפּאראטען צו האַנדע און פיסע (שיענען הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, אלערליי רופּטור- און בויך-גארטעל א. ז. וו.

(131) 31 **לעשנא** 31 10—5

---

# י. שעקמאַן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראָבע**

(128) **עט פלאטע-וואארען.** 6—50

И. ШЕКМАНЪ Варшава, Налевки № 20.



מאגאזין נאלעווקי 20. פאבריק דזיקא 10.

---

## וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דעם פּריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14. אלע אָפּעראַציא-נען ווערדען דורכגעפיהרט פון ד"ר בארעל. אנגענומען ווערדען חירו-גישע קראנקע יעדען טאג פון 3-10 **פּריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון 10—9 אונד 7—4.

(38) 26—10

---

# שיין שרייבען

פערשיעדענע שריפטען ער-לערענט אין 20 לעקציאנען די ערגסטע עבראבענע און געציטערטע האנד-שריפטען, עכט קאליגראפיע

(134) **ש. טייטעלבוים** 4—4

נייע מילע 38, וואהנונג 56.

---

# אֱהוֹב את המלאכה!

אללע סאָרטען שפּיגעל מאכען לערנט אויס גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפּיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**

Варшава, Слизкая 22.

(105) 25—6

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ ווקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית היסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Іешурунъ", Вильна**

**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

---






אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון
ש"ום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-
יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50
רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר'
אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען
2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען
יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די
לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ.
30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט
30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

יודישע
# פאלקס-צייטונג
א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון
ש"ום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען;
11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק
6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר-
ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30
שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

4 Februar 1903. Nr. 6. ז' שבט תרס"ג.

## פארלירען די אמונה

עס זענען געווען צייטען ווען מיר האבען געגלויבט צופיעל, געהאט אמונה אפילו אין שדים און אין רוחות; היינט אבער האבען מיר פערלוירען די אמונה אין פיעל זאכען און מעהר פון אלעם אין זיך אליין.

מיר זענען אזוי געפאלען אין אונזערע אייגענע אויגען, אז ווען אויך אנדערע פרעמדע האלטען שטאל און אייזען פון אונז און אונ-זערע כחות, גלויבען אין אונזער אייגענע קראפט גלייך ווי מיר, להבדיל, אין משיח'ן אליין, איז ביי אונז אין הארצען תמיד א שווערער ספק, טאמער וועלען מיר עס ניט אויספיהרען, און פערגעסענדיג דעם עקר הדבר, די הויפטזאך, קריכען מיר באלד אריין אין פוסטע פראזען, אין פערפלאנטערטע פילאזאפיעס, אבי זיך אליין אבצונארען, און דורך די ניט געבעטענע מחשבות פערלירען מיר אליין דעם מוטה און שוואכען נאך אב דעם חשק אפילו ביי די, וועלכע זענען פון נאטור ענערגישער און פעהיגער פאר אונז.

מיט זעקס יאהר צוריק האט א בליץ געגעבען אין אונזער חושכ'דיגען ווינקעל, פון באזעל האבען מיר דערהערט א קול, מען האט אונז געזאגט אהן קונצען: ברידער, אויב איהר ווילט זיין מיט לייטען גלייך, אויב אייך איז ליב אייער קיום און עקזיסטענץ, טא שלאפט ניט און הויבט אן עפיס צו טהון. ווענען האט איהר פערשידענע, נאר דער עקר ניט שלאפען און וועקען דעם פערשלאפענעם גייסט. האלט זיך אלע צוזאמען, מונטערט איינער דעם אנדערען און פארגעסט ניט איינס, אז אונזער הילף איז אין אונזער אלטער היים, ביי פרעמדע טישען קענען מיר אויף גוטס ניט ווארטען, דער בעסטער בעל-הבית וועט אונז העכסטענס פון רחמנות וועגען געבען אבלעקען א ביינדל און-טערן טיש.

קלאר איז געווען דעמאלט דער פסוק, פערשטענדליך איז גע-ווען דאס באזעלער פראגראם און פונדעסטוועגען זענען אין די עטליכע יאהר אויף דעם פסוק אנגעווארפען אזוי פיעל פערשידענע פרושים, אז מיר האבען פון גרויס טומעל דעם פראסטען פשט פערגעסען. אונ-זערע בעסטע פארשטעהער האבען פון פיעל וכוחים ארויבגעלאזען דעם קאפ און אנגעהויבען אויך צו מורמעלן אונטער'ן נאז, אז אפשר איז דער צד כנגד טאקי גערעכט, מיר זענען נאך טאקי ניט ראוי צו ווערען א פאלק, עס איז נאך צו פריה צו געבען א קרעכץ, וועלכער זאל זיך אבקלינגען פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, מען דארף זיך ארויס שלאגען פון קאפ די הויכע און ווייטע פלענער און דערווייל פאמעליך זיך בעגראבען אין דער ערד און ווארטען — עד שיבא המלך המשיח.

און דאס אלץ האבען מיר נאר צו פערדאנקען דעם ביטערען גלות... די אור אור אייניקלעך פון די חשמונאים, קינדער פון אמאליגע העלדען פון ירושלים שעמען זיך יעצט ניט אפען צו זאגען, אז זיי האבען פערלוירען די האפנונג אין זיך אליין. פרעמדע פון נאס פער-שטעהען אונזער וואונש און גלויבען אין אונזער צוקונפט, נאר מיר אליין פיהלען די חרפה ניט, זיך מודה צו זיין אין אונזער שוואכקייט. טובות טהון מיר מיט דעם כלל ישראל און שענקען אמאל אין א יובל א קאפעקענע מארקע פאר דעם נאציאנאל-פאנד, מיט גרויס פראטעקציע לאזען מיר זיך ענדליך איינרעדען און קויפען אויף ראטעס איין אקציע פאר זיך און די גאנצע פאמיליע, בתורת נדבה בעצאהלען מיר אויך דעם שקל, דעם סימן און איינציגען צייכען פון דעם אפיציעלען ציוניזם. און מיר שפירען ביי דעם גאר ניט ווי גרויס אונזער זינד איז, וואס מיר קענען אזוי גלייכגילטיג רעדען און האנדלען פון אזוינע זאכען, וואס פארנעמען ביי אנדערע פעלקער דעם וויכטיגסטען פלאץ אין הארצען און אין לעבען. מיר שפירען ניט די חרפה און פיהלען ניט דעם צער, ווייל אונזער הארץ איז פערגליווערט און דער בטחון אויף בעסערע צייטען האט שוין אין גאנצען אויפגעהערט. מיר האבען זיך אליין פיינדט און דריבער קענען מיר ניט האבען קיין צוטרויען אין אונ-זער אייגענעם אידעאל. אויסצווארצלען די ספקות פון אונזערע פער-שטיינערטע הערצער, אויפהיצען דעם אויסגעלאשענעם פייערל און

איינגעווארצלען טיעף ליבע אונ האפנונג צו אונזער צוקונפט, אט וועגען דעם איז מחויב צו זארגען יעדער פאטער אונ יעדער יוד, וועלכער גלויבט אין דעם, אז עוד לא אבדה תקותנו.

ת.

---

## צווישען גאזעטען.

אין „הצפירה“ געפינען מיר איין אינטערעסאנטען ארטיקעל וועגען דעם אומגליקליכען ליובאשיצקי. מיר געבען עס דא איבער אביסל געקירצט:

זייט א פאר חדשים קאן ה' ליובאשיצקי קיין מנוחה נישט געפינען, ער איז גרייט אויף מלחמה. ער בעשאפט זיך אין דער פאנטאזיע א שונא אונ האלט מיט איהם מלחמה, א מלחמה אויף לעבען אונ טויט אונ דער גאנצער עולם לאכט גאר.

אונ אין כעס איז ה' ליובאשיצקי אויף דעם זשארגאן אונ ער געוואלדעוועט, מאכט קולות עד לשמים. וואס איז? די זשארגאן־צייטונגען זענען איהם זאלץ אין די אויגען, פעפער אין נאז.

דאס איז איין אמת'ער חלול השם. בעשאפען א ליטעראטור פאר דעם פראסטען המון, פאר דעם פאלק, ה' ליובאשיצקי קאן נישט אונ טאר נישט מסכים זיין, אז דאס וואס איז געשריבען געווארען אין דער מאוס'ער שפראך, וואס מיליאנען יודען רעדען עס, זאל מען אנרופען „ליטעראטור“.

אונ דאס גאנצע פאלק איז ביי איהם ווי איבעריג, על כל פנים איז עס נישט זיין זאך, ער קעהר זיך מיט זיי ניט אן אונ רופט זיי טאקי דעריבער „זייער פאלק“

אונ ער איז א בא בטענה.

— ניט מיר צוריק אב, געוואלדעוועט ער, די העברעאישע שרייבער, וואס איהר האט פון אונז צוגענב'עט, וועלען מיר זעהען, וואס פאר א ליטעראטור איהר וועט האבען.

אונ עס איז טאקי א גרויס רחמנות אויף איהם, נאר וואס קאן מען איהם העלפען, עס איז א ביטערער גזר.

נאר אז די זאך האלט ביי פקוח נפשות, וועל איך מיך פרובען איהם א ביסל טרייסטען, אפשר וועט איהם עפיס לייכטער ווערען.

א מעשה וועל איך איהם דערצעהלען, א מעשה שהיה:

מיט א יאהר 10 צוריק, אז בן אביגדור האט אנגעהויבען ארויסגעבען די ספרי אגורה, געטהאן אזא געוואלדיגע עולה, וואס איז נאך נישט דערהערט געווארען אין דער העברעאישער ליטעראטור, האט די עולה נישט געקאנט צוזעהען א געוויסער העברעאישער שרייבער, וועלכער האט אודאי מורא געהאט ער זאל נישט ברויכען ליידען פאר דעם זינדיגען דור אונ האט געמבול'ט מיט מאמרים געגען בן־אביגדור. א שטיקל גליק וואס ער האט נישט געקאנט, אז נישט וואלט ער מחריב עולמות געווען; נאר דאס וואס ער האט געקאנט טהון האט ער געטהאן, היינו: ער איז צו די ספרי אגורה נישט צוגעשטאנען, ער האט פאר זיי נישט געשריבען.

דערווייל האט זיך אבער די גראשענדיגע ליטעראטור פערשפרייט אין אלע אונזערע פינסטערע ווינקעלעך, פון די ספרי אגורה איז ארויסגעוואכסען די ליטערארישע געזעלשאפט „אחיאסף“ אונ דערנאך „תושיה“ אונ די וועלט איז זיך געבליבען א וועלט. ווער עס איז געשוואומען געגען שטראם האט איהם דער שטראם פערטראגען, אז כמעט ווייסט מען פון איהם נישט מעהר.

אונ מיט אזא אופן איז ער ניצל געווארען פון די ספרי אגורה אונ וועט פאר איהר נישט דארפען ליידען.

די איינענע מעשה וועט א ודאי זיין מיט ליובאשיצקען.

דער שטראם פלייצט, די זשארגאן־ליטעראטור וואכסט אלץ גרעסער אונ גרעסער, „זייער“ פאלק פערלאנגט גייסטיגע שפייז. העברעאיש איז דערווייל נאך נישט אלעמען פערשטענדליך, נאכ'ן

---

# פעליעטאן.

## צעזייעט אונ צעשפרייט.

### בילדער פונ'ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

### IX-טע סצענע

(מאיר אונ חנה.)

חנה. פאפאשא, דאס האסט דו מיך גערופען?

מאיר. איך, איך! דאס האב איך געהאט דאס עזות מטריח זיין דיך, מיין טאכטער! דאכט מיר, אז איך מעג מיר נאך פארגינען דיך מטריח זיין, צי ניין? זעץ דיך נאר אוועק, וועסט דו מיר אנשרייבען צום פריץ א בריף. דאכט זיך, אז איך מעג דיך מטריח זיין אנשרייבען א בריף, צי ניין?

חנה. ווער זאגט דען אז ניין?

מאיר. איך האב געוואלט זעהען, זאלסט מיר זאגען ניין! קארג האב איך געהארעוועט פון אייערט וועגען, אויסגעריסען געווארען, זיך מפקיר געווען, זיך געלאזט קאסטען געלד? לסוף עס קומט צו עפיס, איז דער א פריץ אונ יענער א ציוניסט... ארויסגעווארפען געלד!

חנה. וואס עפיס פלוצים געלד?...

מאיר. וואס? אפשר ניין? דו האסט מיך אפשר ווייניג געלד געקאסט?... גימנאזיע, רוסיש, אונ דייטש, אונ פראנצויז, אונ אויפ'ן פארטעפיאן שפילען, אונ טאנצען אונ... אונ... אונ... וואס ניט?... צו ליב וועמען האב איך זיך איבער געצויגען אהער אין דעם טומעל, אז ניט צו ליב אייך?

חנה. דו ביזט גערעכט, פאפאשא, נאר איך וואלט דיר מוחל געווען דאס שפיעלען מיט'ן טאנצען, אבי דו זאלסט מיך בעסער אפשיקען אויף די קורסען; דאס וואלט געווען ביי מיר טייערער פון אלסדינג...

מאיר. וואסערע קורסען? וואסערע פלאמען? מע דארף נישט קיין קורסען, האב איך דיר איין מאל געזאגט! נאדיר נאר קורסען פלוצים אין מיטען דרינען!

חנה. (פאר זיך) אפנים נישט די גוטע שעה (וויל אוועק געהן).

מאיר. שטעה נאר! וואס אנטלויפסט דו? וואס לויפט איהר אלע? וואס אנטלויפט איהר? וואס בין איך עפיס, א בער? וואס טהוט זיך עס מיט אייך?

חנה. דו טרייבסט איטליכען באזונדער אונ זאגסט, אז מע אנטלויפט פון דיר...

מאיר, וואס איז דאס פאר איין ענטפער? וואס איז דאס פאר א מאדע רעדען מיט א טאטען?...

חנה. דו פרעגסט, ענטפערט מען דיר. — (וויל אוועק געהן.)

ערד נאך פערשטעהט איהר נאר א קליינער טהייל פון פאלק. די זשארגאנישע ליטעראטור האט א גרויסע צוקונפט, און וועט דעם פראסטען עולם פיעל נוצען ברענגען, עס וועט זיי די אויגען עפענען.

זי האט וועגען דערפען איהר און דאס גיט איהר א זכות הקיום.

אז ה' ליובאשיצקי האט מורא ער זאל נישט דארפען ליידען פאר'ן דור, זאל ער טהון ווי זיין בן עיר האט געטהאן; זאל ער נישט צושטעהן צו דער זשארגאנישער ליטעראטור, די היסטאריע וועט זיך טהון דאס איהריגע.

זאל ער נישט צו שטעהן — קיין גרויס היזק וועט זי דערפון נישט האבען.

און ה' ליובאשיצקי מיינט פערקעהרט. אז דאס וואס די רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג" האט איהם זיין זשארגאנישען כתב יד אומגעקעהרט צוריק און ניט געוואלט דרוקען, איז דערפון אומגליקליך געווארען דאס יודישע פאלק.

---

# פאליטישע ענינים.

(די דארדאנעלען פראגע. ענגלאנד אין אפריקא. פראנקרייך זעהט זיך ארום. די לאגע אין עסטרייך).

ענגלאנד איז שטארק ברוגז אויף די טערקישע רעגירונג דערפאר, וואס זי האט די רוסישע רעגירונג ערלויבט דורכצופיהרען איהרע שיפען דורך די דארדאנעלען און איהר נישט.

די דארדאנעלען זענען 4 פעסטונגען, וועלכע זענען געבויט ביי דעם דארדאנעלען־קאנאל. אין דעם דאזיגען קאנאל קומען זיך צוזאמען דער מארמארשער ים מיט דעם עגעאישען ים און דארטען פעראייניגען זיך איירָאפא מיט אזיע. די דארדאנעלען ווערען בעטראכט אלס דער שליסעל פון קאנסטאנטינאפאל. אין יאהר 1878, בשעת עס איז געשלאסען געווארען דער בערלינער טראקטאט, האט מען אנגעמאכט, אז טערקיי זאל קיינעם פון די אייראפעאישע רעגירונגען נישט לאזען שיקען זייער פלאטע דורך די דארדאנעלען, אבער די טערקישע רעגירונג האט דערויף עובר געוועזען און אין יאהר 1891 האט זי ערלויבט רוסלאנד צו שיקען איהרע שיפען דורך די דארדאנעלען. נאר ביז נישט לאנג האט זיך רוסלאנד מיט דעם ערלויבניש נישט בענוצט. ערשט פאר פיער חדשים האט רוסלאנד בסוד איהר פלאטע דורך זיי געשיקט. אז ענגלאנד האט זיך דערפון דערוואוסט, האט עס איהר שטארק פערדראסען, זי פערגינט נישט רוסלאנד זאל האבען אזא איינפלוס אויף טערקיי. דער ענגלישער מיניסטער פאר אויסלאנד לארד לאנסדאהן האט אפילו שטארק פראטעסטירט געגען דעם, אבער ער האט גאר נישט גיפועל'ט.

ענגלאנד זעהט, אז אין איירָאפא האט זי נישט מעהר אזא ברייטע דעה, ווי זי האט אמאל געהאט, זי ווייסט, אז דייטשלאנד, צו וועלכע זי חנפה'עט זיך און געהט מיט איהר צוזאמען אויף מלחמה מיט ווענעצועלא, וועט צוליב איהר זיך נישט צעקריגען מיט רוסלאנד אדרבא, דייטשלאנד זוכט איהר פריינדשאפט מיט רוסלאנד צו פערשטארקען. פאריגען זומער איז קייזער ווילהעלם אליין געוועזען אין רוסלאנד און נישט לאנג האט ער דעם קראנפרינץ אהין געשיקט. און ענגלאנד ווענדט דעריבער אן אלע איהרע כחות צו פערשטארקען איהר ממשלה אויף די קאלאניעס אין אפריקא און דער עיקר אויף טראנסוואל.

ענגלאנד בויט זעהר פיעל אויף טראנסוואל, פאר וועלכע זי האט אזוי פיעל מיליאנען געלד און אזוי פיעל טייכען בלוט פערגאסען; זי איז זיכער, אז טראנסוואל וועט איהר אומקעהרען איהרע

---

מאיר. שטעה נאר שטעה! זאג מיר נאר, חנה, מילא מאטוויי איז א פוסטער בחור, חיים איז גלאט אמשוגע'נער, זיך ארייגגעלאזט אין נארעשקייטען, אבער דו ביזט דאך נישט קיין נאריש מיידל, זאג מיר וואס טהוט זיך עס מיט אייך? איהר האט זיך ווי אנגערעדט אלע מיר טהון אויף צו להכעים! מיר דאכט, אז מע גיט אייך נאך אלסדינג: איהר ווילט גימנאזיע — נאט אייך גימנאזיע; איהר ווילט ארקאדיע — נאט אייך ארקאדיע... דאס ברודערל דיינס, מאטוויי; א רעכטער גאר נישט? פון דעסט וועגען, וואס פאר א מין שידוך האב איך פון זייגעטוועגען אויסגעזוכט! פונ'ם שענסטען יחוס!... וויפיל קאסט דאס מיך געלד און וויפיל געזונד!... צי אשטיינער, די שוועסטער דיינע, וויפיל האט מיך אפ געקאסט איהר חתונה מיט איהר גט; פון דעסטוועגען לאז נאר גאט צו שיקען עפיס א רעכטען זווג, וועל איך איהר ווידער אמאל געבען נדן... פון דיר רעדט מען ניט, אז איך וועל דיר ניט זשאלעווע! קיין פינף און צוואנציג טויזענד, און אפשר טאקי אלע דרייסיג; און א חתן וועל איך מסתמא אויך זעהען דיר געבען אזעלכען, וואסקאטארי...

חנה. אריינק דיר פאפאשא! איך האב דיר געזאגט וויפיל מאל, אז איך דארף ניט דיין נדן און דארף ניט דיין חתן, דו שיק מיך בעסער אפ אויף...

מאיר. (ארויס פון די כלים) הא? וואס? וואס האסטו געזאגט? דו דארפסט ניט מיין נדן? דו דארפסט ניט מיין חתן?... אט אזוי דאנקט איהר מיר אפ? אוועק פון מיינע אויגען!. (עס לויפט אריין מלכה, חנה געהט אוועק.)

## X-טע סצענע

(מאיר און מלכה.)

מלכה. גאט איז מיט דיר, מאיר! וואס טהוט זיך עס? ביזט עפיס היינט נאר ווילד און געגוג!... אויף וואסער זייט ביזט דו אויפגעשטאנען? צעטריבען אלע קינדער!...

מאיר. וועלכע גוטע יאהר האט געשיקט נאך דיר? ס'איז ניט דיין באבעס דאגה! געה דיר געזונדערהייט אין דיין רוה אריין!!...

מלכה. (צו זיך) נישט אנדערש, אז ער איז חלילה פונ'ם זינען!... גאט ברוך הוא וברוך שמו זאל זיך שומר ומרחם זיין!... (געהט אוועק)

## XI-טע סצענע

(מאיר אליין.)

מאיר. (שפאנט אפאר מינוט הין אין צוריק, שטעלט זיך אפ. חאפט א בענקל, הויבט דאס אויף און טהוט דאס א ווארף אין דער ערד אריין) א חליערע!!!. נעהט צו דער טיר און באגעגענט זיך מיט די מחותנים. רב משה'לי זיידענשטאמער אין א שבת'דיגער קאפאטע, א זיידענעם קאשקעט מיט א ברייטען דאשעק. איטעלי זיידענשטאמער אין איין אלטמארישען פאריק, א טערקישע שאל, אפאר לאנגע דימאנטענע אויהרינגלעך. נאך זיי קומט אן מלכה.)

## XII-טע סצענע

(מאיר, מלכה מיט די מחותנים.)

מאיר. (פריינדליך) א! ברוך הבא! געסט!... זעצט זיך! זיצט! פאר וואס זיצט איהר ניט? (באזעצט די געסט, טהוט א ווינק צום

הוצאות כפל־כפלים. די ענגלישע מיליאנערען, וואס באמת האבען זיי מעהר ווי טשעמבערלען גורם געוועזען די לעצטע מלחמה אונ האבען די רעגירונג געשטיצט מיט זייערע שילינגס, וועלען דערפאר אבנעמען פונטען, גאנצע פונטען געלד. ענגלאנד, וועלכע האט נישט געקאנט צו זעהען דעם צער פון די אויסלענדישע „ווייסע", וועלכע די בורען האבען נישט געוואלט געבען קיין גלייכע רעכטען אונ איז טאקי צו־ליעב דעם געגאנגען מלחמה האלטען מיט די בורען, זי אליין שאפט היינט אב די ווייסע, וואס ארבייטען אויף איהרע באהנען אונ אנדערע ארבייט אונ נעמט אנשטאט זיי די שווארצע, וואס ארבייטען פאר א קלענערען מקח. ענגלאנד וויל איצט צוריק איינמאנען איהרע הוצאות, וואס זי האט אויף די קאלאניעס אויסגעגעבען, זי האפט אז פון דארטען וועט זי מאכען גרויסע עשירות אונ קימערט זיך דעריבער ווייניג, וואס אין איהר אייגען לאנד קומט פאר.

דער פאר אבער קימערט זיך פראנקרייך נאר אום די אינטער־עסען אין לאנד אונ זוכט נישט קיין גליקען אין קאלאניעס.

זייט די גרויסע מפלה, וואס פראנקרייך האט געהאט אין יאהר 1871 אין די מלחמה מיט פרייסען, ווען מען האט ביי איהר צוגענומען די צוויי פראווינצען עלזאס אונ לאטרינגען, האט זי גאר גע־טראכט וועגען נקמה, איהר גאנצען כח האט זי אנגעווענדעט צו פטר־גרעסערען איהר חיל אונ האט דערוויייל געלאזט אויסוואכסען די גייסט־ליכע פארטיי, וואס ביז וואלדעק־רוסא'ס צייטען איז געוועזען ידם על העליונה. ערשט נאך דעם סקאנדאל־דרייפוס האט זיך דאס פאלק ארומגעזעהען, אז זיינע אמת'ע גוטע פריינד זענען נישט די וואס ווילען פערגיסען בלוט צוליב נקמה, נאר די וואס ווילען שלום אונ זוכען צו מאכען בעסערע ארדענונגען אין דער מדינה גופא. דאס

פראנצויזישע פאלק האט ביסלעך־ווייז זיך מיאש געוועזען פון די צוויי אנגעווארענע פראווינצען אונ טראכטען שוין נישט מעהר פון מלחמה מיט פרייסען, א סימן, אז זיי האבען אויסגעקליבען בורזשוא פאר א פרעזידענט אין פארלאמענט אונ דעם אנפיהרער פון די סאציאליסטען זשארע פאר א וויצע־פרעזידענט, דעם איינגענעם זשארע, וואס האט עפענטליך געזאגט, אז ער איז מוחל פרייסען במחילה גמורה די צוויי פראווינצען אונ וויל צוליב דעם אפילו נישט איין מענשען פון פראנקרייך פערלירען.

גרינג קאן עס אנקומען פראנקרייך, וואס איז גאר איין פאלק אונ רעדט נאר איין שפראך, איינצופיהרען ארדענונגען אין איהר מדינה. קוים האט דאס פאלק זיך ארומגעזעהען, וואס עס איז פאר איהם בעסער, ווייסט עס שוין וואס ער האט צו טהאן, שווער אבער איז עסטרייך צו מאכען ארדענונג אין איהר מדינה, וועלכע איז צו־זאמענגעקלעבט פון 8 פעלקער, וואס רעדען אויף עטליכערליי שפרא־כען, וואס יעדעס פאלק בעזונדער זוכט נאר זיין אייגענע טובת־הפרט אונ די טובת המדינה בכלל גערט איהם נישט אן. די מיניסטארען אין עסטרייך האבען זעהר א שווער אויסקומעניש, זיי קענען קיינמאל נישט יוצא זיין אלע דעות; קוים טהוט די רעגירונג צוליב איין פאלק, פיהלט זיך דאס אנדערע געקירצט אונ לאזט ניט צו קיין ארדנונג אין פאר־לאמענט ביז מען וועט איהם אויך מפיס זיין אונ דעריבער הערשען שוין אפאר יאהר שטרייטיגקייטען אין עסטרייך אונ אלע נייטיגע שטאטסגעשעפטען ווערען פארנאכלעסיגט. עס איז קיין נייעס נישט סקאנדאלען אין פארלאמענט אונ אמאל אויך געשלעג.

---

ווייב, מע זאל עפיס דערלאנגען צום טיש. מלכה געהט אוועק אונ קומט אריין צוריק מיט דער דינסט, די דינסט שטעלט אוועק א גרויסע זילבערנע טאץ מיט כל טוב: משקה אונ פארבייסען, כל המינים לעקעך אונ איינגעמאכטס.) וואס זשע מאכט איהר עפיס גוטס? פאר וואס זעהט מען אייך ניט? וואס מאכט עפיס די כלה? אונ ווי געהט עס אייך אין געזונד?...

רב משה'לי. (צעגעמט די פאלעס פון דער שבת'דיגער קאפאטע, צעלייגט זיך גאנץ ברייטליך אין א ווייסען פאטעל, טראגט אונטער א זילבערען פישקעלי מיט טאבעק צו דער נאז, רעדט הויך, נאר געצעהלטע ווערטער לאזט אוים אלע מאל מיט א לאנגען „אונ יא—א—א"... אונ איטעלי מיט מלכה'ן רעדען זיך בשעת מעשה צווישען זיך שטילער־הייד) וואס איך מאך? דאנקען השם יתברך... געגאנגען פערביי... „מיר וואלטען נישט אריינגעגאנגען", זאגט זי, די אלטע מיינע, „קום לאמיר אריינגעהן", זאג איך, „קום לאמיר אריינגעהן". איהר דארפט וויסען, אז מיר געהען זיך דורך כמעט אלע טאג... מיר האט דער דאקטאר אנגעזאגט, איך זאל געהן אונ געהן אונ געהן! לופט, לופט האט ער מיר אנגעזאגט! אונ יא—א—א... די לופט, הערט איהר, דאס איז א גרויסע זאך!... מיין טאטע עליו השלום פלעגט נאך זאגען, אז לופט דאס איז... ע... ע... ע... איהר פארשטעהט? (מאכט מיט די הענד).

מאיר. איך פארשטעה, פאר וואס זאל איך ניט פארשטעהן... נעמט עפיס אין מויל אריין! מלכה, בעט זיי זיי זאלע עפיס נעמען אין מויל אריין.

מלכה. איך בעט אייך, נעמט עפיס אין מויל אריין!

רב משה'לי. שייך זאגען איהר פארשטעהט? וואס פארשטעהט איהר? איהר פארשטעהט גאר ניט, איהר זענט פראסטע מענשען, למאי זאלען מיר זיך נארען? (ניסט, טהוט זיך א ציה מיט'ן האנט ביים לינקען אויהער אונ זאגט „לישועתך קויתי ד'").

איטעלי מאיר אונ מלכה. (אלע דריי) צו געזונד אונ צו אריכת ימים!...

רב משה'לי. אדאנק!... די מעשה דערפון איז אזוי. דער טאטע מיינער זכרונו לברכה פלעגט זאגען. אז לופט איז אזא מין זאך, וואס קיין מענטש אונ קיין לעבעדיגע זאך קאן זיך אהן דעם נישט באַ־געהן. אונ יא—א—א... לופט רייניגט אונז די געבליטען אינוויינג — דאס איז איין מאל אוועק. והשנית בעדארפען מיר האבען לופט, אזוי ווי... אזוי ווי... אזוי ווי... וואס זאל איך אייך כדומה למשל אנהאפען?

מאיר. נו כדומה למשל אזוי ווי געלד? נעמט עפיס אין מויל אריין;... מלכה, בעט זיי זיי זאלען עפיס נעמען!...

מלכה. איך בעט אייך, נעמט עפיס אין מויל אריין!

רב משה'לי. הא? וואס האט איהר געזאגט? אזוי ווי געלד? א משל כחרס הנשבר! גא דיר נאר געלד!... אי זענט איהר, מחותן א דאס... חע־חע... ביי אייך איז אפנים דער עיקר נאר געלד? ביי אונז, זעהט איהר, איז פונקט קאפויר: געלד איז בלאטע!... (ניסט, טהוט זיך א ציה מיט דער האנט ביים לינקען אויהער אונ זאגט: „לישועתך קויתי ד'".)

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די רוסישע רעגירונג האט בעשלאסען מבטל צו זיין די האנדעלס־געריכטען און אנשטאט זיי וועט מען מאכען איין אבטהיילונג פאר האנדעלס־משפטים ביי די „אקרוזשנאי סוד“.

— אין רוסלאנד האט מען היינטיגען חודש געפייערט דאס 200 יעהריגע יובילעאום פון דער רוסישער זשורנאליסטיק. די ערשטע רוסישע צייטונג איז ארוים אין מאסקווא אין יאהר 1703 און האט געהאט דעם א ביסל צו לאנגען נאמען: „א צייטונג פאר מיליטערישע ענינים און אנדערע זאכען, וואס מען דארף וויסען, און וואס עס האט פאסירט אין די מאסקעווער הערשאפט און אין די אנדערע דערביי־אינע לענדער“. די צייטונג איז דאס רוב געדרוקט געווארען אין מאסקווא און טהיילמאל אויך אין פעטערסבורג. איינער פון איהרע מיטארבייטער איז געוועזען דער רוסישער קייזער פעטער דער גרויסער, אדער ריכטיגער געזאגט: דער ערשטער רוסישער רעדאקטאר.

— די אוניווערזיטעט אין יורייעוו האט נישט לאנג געפייערט איהר 100 יעהריגעס יובילייאום. די פארשטעהער פון אוניווערזיטעט האבען געוועהלט דעם רוסישען שריפטשטעלער גראף טאלסטאי און דעם רוסישען גייסטליכען יאהאן פון קראנשטאדט אלס עהרענמיטגלידער. דער גייסטליכער יאהאן פון קראנשטאדט האט דעם עהרענטיטעל נישט אנגענומען.

— דעם קומענדיגען זומער וועלען אין רוסלאנד קומען צו פאהרען איינינע חינעזישע בעאמטע און איינער פון די גרעסטע חינעזישע סוחרים, כדי זיך צו בעקענען מיט דעם רוסישען מסחר.

— די בעאמטע פון די גימנאזיעס אין רוסלאנד האבען מודיע געוועזען די עלטערן פון די שילער, אז ווען א שילער וועט נישט קומען אין גימנאזיום מחמת דעם וואס ער איז קראנק אדער איין אנדער וויכטיגע סבה, מוזען די עלטערן אדער די אפוטרופסים דאס געבען צו וויסען דעם איינזעלנעם טאג דעם אינספעקטאר, אויב נישט וועט מען דאס רעכענען דעם תלמיד, אז ער איז מחמת ווילדקייט נישט געקומען.

— די צייטען איז געפאהרען דער דירעקטאר פון ווארשאווער וויענער באהן נאך פעטערסבורג, וואו ער וועט פאר דעם וועג־מיניסטער פארלעגען דעם פלאן פון דעם צענטראל וואגזאל אין ווארשא, וועלכער דארף קאסטען צוזאמען מיט דער נייע בריק, וואס מען מוז צוליב דעם בויען אויף די ווייכסל, ארום 30 מיליאנען רובל.

— קומענדיגען פריהלינג וועט דער דייטשער קראנפרינץ מיט זיין ברודער מאכען א רייזע אין די מארגענלענדער, צווישען זיי אויך אין פאלעסטינא.

— אין בערלין האט מען אין דעם קארל־וויים טהעאטער פארגעשטעלט אין א קאמעדיע: „פאמיליע עמבער אדער 100 מיליאנען שווינדעל“.

— די פראנצויזישע רעגירונג האט ערלויבט צוריק אריינצונעהמען דעם פאלקאווניק פיקאר און ריינאק אין מיליטער־דינסט, וועלכע מען האט אויסגעשלאסען מחמת דעם וואס זיי האבען זיך אנגענומען פאר דרייפוסען.

— דער פאריזער קארעספאנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „טיימס“ בלאוויץ איז געשטארבען, די „טיימס“ האט אנגעשריבען א ווארימען ארטיקעל אויף איהר אמאליגען קארעספאנדענט און כמעט אלע גרעסטע אייראפעאישע בלעטער שרייבען וועגען איהם ארטיקלען. איינע פון די וויכטיגסטע זאכען, וואס מען דערצעהלט פון איהם איז, וואס ער האט פערעפענטליכט אין „טיימס“ דעם בערלינער טראקטאט וואס איז געשלאסען געווארען אין יאהר 1878 נאך דעם רוסיש טערקישען קריג. איהם האט מען אויך צו פערדאנקען, וואס עס איז אין יאהר 1875 נישט אויסגעבראכען קיין מלחמה צווישען פראנקרייך און פרייסען.

אין נומער 3 „פאלקסצייטונג“ קענען אונזערע לעזער געפינען א קורצע ביאגראפיע וועגען בלאוויצען.

---

**איטעלי מאיר און מלכה.** (אלע דריי) צו געזונד און צו אריכת ימים!...

**רב משה'לי.** אדאנק!... ביי אונז איז, זאג איך, פונקט דער היפך. געלד איז בלאטע, בלאטע שבבלאטע!... ביי אונז איז דער עיקר „מענטש“; פריהער מענטש און נאכדעם משפחה. און יא—א—א... איהר פארשטעהט וואס מע רעדט צו אייך, מש—פ—חה!...

**מאיר.** איך פארשטעה, פאר וואס זאל איך ניט פארשטעהן? נעמט עפים אין מויל אריין!... מלכה, בעט זיי, זיי זאלען עפים נעמען אין מויל אריין.

**מלכה.** איך בעט אייך, נעמט עפים וואס ניט איז אין מויל אריין.

**רב משה'לי.** משפחה—דאס איז א גרויסער ענין! און יא—א—א... מיין זיידע עליו השלום, ער זאל האבען אליכטיגען גן עדן, פלעג זאגען אזוי: „הערט זשע קינדערלעך; איהר זאלט וויסען, אז מיר קומען ארויס פון די זיידענשטאמערס, פון דעם גרויסען רב משה'לי זיידענשטאמער“, (דאס היים איך טאקי נאך איהם א נאמען) און יא—א—א... אט דער דאזיגער רב משה'לי האט געהאט א ברודער, א יונגערען פון איהם, האט ער געהייסען רב יוסילי, טאקי מיין אלטערס א זיידע... (צום ווייב) אזוי, צי ניין?

**איטעלע.** אזוי אזוי, ווי דען? נאר מיר דאכט, אז ניט דאס האסט דו געוואלט זאגען.

**רב משה'לי.** הא? יא, ביזט גערעכט, גוט וואס דו האסט מיך דערמאנט. די מעשה, פארשטעהט איהר מיך, איז אזא מעשה... דאכט זיך מיר, אז אביסל בעדארפט איהר מיך שוין קענען מיט מיין חאראקטער... איך בין א מענטש א שטילער, א רוהיגער, איך האב פיינט די אלע היינטיגע פליהעכצען, מיטין פי—פו, ווי זאגט ער: „געה נישט גיך, וועסט דו ניט רייסען קיין שוך“. איהר האט געהארכט אמאל דאס דאזיגע גלייך־ווערטל?

**מאיר.** געהארכט, וואס דען ניט געהארכט?

**רב משה'לי.** נו, זאלט איהר וויסען זיין, אז דאס דאזיגע גלייך־ווערטל איז מיין זיידענס גלייך־ווערטל... ער, זכרונו לברכה, אוי האט ער געהאט אין זיך איינפאלען!... נאר וואו האלט איך? יא בין איך מיר הייסט עס א מענטש א רוהיגער מיט א רוהיגען חאראקטער, זעהר ארוהיגען חאראקטער! און יא—א—א... אנקוקען קאן איך ניט אט די פליהערס, מיט די היינטיגע פיינע בריה'ס, מיט די היינטיגע פרנסות, מיט דעם היינטיגען שניט... און יא—א—א... איך בין מיר געוואהנט געווארען שטיל, פארשטעהט איהר מיך, פאוואלינקע, מיט כבוד. איך וועל ניט געהן שווארצען דאס פנים, שטעהן ביי'ם פריץ ביי דער טיר, זיין א פאקטאר ווי אנדערע... און יא—א—א... איך וועל מיר שוין אפשטופען, ווי זאגט ער, דאס וועלטל אט אזוי... (צום ווייב) הא? וואס זאגסט דו, איטעלי?

**איטעלי.** אודאי אזוי!... נאר מיר דאכט, אז ניט דאס האסט דו געוואלט זאגען...

**רב משה'לי.** הא? גערעכט. איך וועל באלד ארויף קומען דערויף... און יא—א—א... איז הייסט דאס וואס? גאר ניט!... מיין שטוב ווייסט איהר דאך מסתמא מיט'ן הויף?

**מאיר.** מיר ווייסען, וואס דען? מיר ווייסען ניט? פאר וואס

— דער פראנצויזישער פרעזידענט לובע האט בעשלאסען צו בעזוכען דעם איטאליענישען קעניג אין רוים, אויך וועט ער בערייזען אלזשיר אונ פון דארטען וועט ער רייזען קיין טונים.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די פערעהרער פון באראן גינצבורג ארבייטען אוים א פלאן צו גרינדען לכבוד זיין 70 יעהריגעם יובילעאום א סעמינאר פאר העברעאישע לעהרער.

— אויף די וועטערינאר־פערזאמלונג אין פעטערסבורג וועט מען בעהאנדלען די שחיטה־פראגע.

— אין ווארשעווער פילהארמאניע האט מען געגעבען א קאנצערט פאר די ווארשעווער ביליגער קיך פאר ארימע.

— דער ווארשעווער פעראיין, וואס זארגט פאר ארימע קראנקע קינדער, איז מודיע, אז אלע עלטערן, וועלכע האבען קינדער, וואס ליידען אויף שקראפעל אונ ווילען זיי שיקען אויף זומער קיין טשעחאטשינעק, זאלען זיך מעלדען בעצייטענס.

— די יודישע אינטעליגענציע אין ווארשא, ארבייט אוים א פלאן צו בעקומען איין ערלויבניש, צו עפענען א קלוב ספעציעל פאר יודען.

— דער יודישער גביר איגנאץ בערנשטיין אין ווארשא האט מנדב געוועזען 3000 רובל פאר די יודישע ביבליאטהעק, וואס איז ביי די גרויסע שוהל.

— אין אדעסא וועט מען היינטיגעם יאהר עפענען צוויי יודישע עלעמענטאר־שולען פון די הכנסה פון דער טאקסע.

— אין לאדז איז נעגרינדעט געווארען א חברה „שפת ציון". דער צוועק פון דער חברה איז צו רעדען העברעאיש אונ איהר פערשפרייטען אין אלע קלאסען.

— אין ראוונא (וואהלינער גוב') איז געגרינדעט געווארען א חברה „דוברי עברית".

— די אלמנה אונ יורשים פון דעם יודישען גביר א. מ. סאלאווייציק אוים סיביר האבען בעשלאסען צו בויען אין קרעמענציג צום זכרון פון דעם פערשטארבענעם א הויז פאר ארימע בעלי מלאכות.

— ד״ר נאלדבלאט אונ קויפמאן ווייס אוים לאדז האבען אבגעמאכט מיט דעם הערן טענענבוים, וועלכער איז א גוטסבעזיצער, ער זאל לערנען מיט די יונגלעך, וואס ענדיגען אין דער ציוניסטישער תלמוד תורה, ערדארבייט.

— די רוסישע צייטונגען שרייבען, אז אין דעם מיניסטעריום דעם אינערען בעהאנדעלט מען די פראגע אויב מען זאל די שטאדט רינא אויך אריינרעכענען אין די שטעדט, וואו יודען מעגען וואהנען.

**עסטרייך-אונגארן.** אלס וויצע בירגעמייסטער אין קראקא האט מען געשטעלט צווישען די קאנדידאטען דעם פרעזידענט פון דער יודישער געמיינדע ד״ר הורוויץ.

— אין בודאפעסט איז געשטארבען ד״ר יוסף קאדאר, וועלכער איז אמאל געוועזען רב אין פוגאראש. דער דאזיגער רב האט געוואלט מאכען א נייע רעליגיאנס־כתה, מבטל צו זיין שבת אונ מילה.

— ד״ר ביק פון לעמבערג, פיאללא אוים ברין, לעווויט אוים פילזען אונ ליכטענשטיין אוים פראג האבען געשיקט דאנק־בריף דעם לאנדאנער לארד־מער, ווייל ער האט זיך אנגענומען פאר די יודען אין רומעניע אונ האט דעם רומענישען קאנסול נישט איינגעלאדען צו זיך צווישען די איבריגע קאנסולען.

**דייטשלאנד.** אין בערלין וועט קירצליך זיין איין אינטערעסאנטער משפט. אלע יודען, וואס וואהנען אין קאניץ האבען געמאכט א משפט אויף דעם בעוואוסטען אנטיסעמיט אהלווארדט דערפאר וואס ער מאכט אויף זיי פון נייעם איין עלילת דם.

**פראנקרייך.** אין פאריז איז געגרינדעט געווארען א חברה „עבריה", וואס האט דעם צוועק צו פערברייטערען אין פאריז דאס רעדען אויף העברעאיש. דער פרעזידענט פון דער חברה איז פראפעסאר יוסף הלוי.

**ענגלאנד.** אין דער לעצטער מלחמה צווישען ענגלאנד מיט די בורען זענען אומגעקומען 130 יודישע סאלדאטען.

---

נעמט איהר עפים ניט אין מויל אריין? מלכה, בעט זיי, זיי זאלען עפים נעמען אין מויל אריין.

**מלכה.** איך בעט אייך, טהוט מיר צו ליב, נעמט עפים וואס ניט איז אין מויל אריין!

**רב משה׳לי.** ווייסט איהר הייסט עס מיין שטובל מיט מיין הויף? א פיין שטובל אונ אהיבשער הויף . . . אונ יא—א—א . . . האלט איך איצטער ביי איבערבויען דעם פליגעל אונ דארף האבען פארשטעהט איהר מיך, געלד! אונ אייב איהר ווילט וויסען בעדארף איך אצינד זעהר האבען געלד אונ טאקי נייטיג! . . . אונ איך, פארשטעהט איהר, אז איך בעדארף האבען געלד, איז ניט גלייך ווי איין אנדערער. ווארום איך וועל אייך קלאר מאכען: איין אנדערער אז ער דארף געלד, קאן ער זיך איין עצה געבען, איבער דרעהען, דאס יענץ . . . אונ יא—א—א . . . אונ איך בין נישט גלייך צו קיין אנדערען, ווארום איך בין נישט קיין אבי ווער, למאי זאלען מיר זיך נארען? איך בין פארשטעהט איהר מיך, א ויידענשטאמער, אונ די ויידענשטאמערס זענען ביי זיך גרויסע גדלנים! אונ יא—א—א . . . א ויידענשטאמער וועט זיך לאזען דעם קאפ אראפנעמען אונ וועט נישט בעטען ביי יענעם! . . . אט אזא מין פאלק איז דאס! (ניסט, טהוט זיך א ציה מיט דער האנט ביי׳ם לינקען אויהער, זאגט: לישועתך קויתי ד׳).

**איטעלע, מאיר אונ מלכה.** (אלע דריי) צו געזונד אונ צו אריכת ימים! . . .

**רב משה׳לי.** א דאנק. . . איז וואו האלט איך הייסט דאס? אונ א; איז בעדארף איך איצטער זעהר נייטיג האבען געלד! ווי אזוי מיינט איהר נייטיג? ממש עס זעצען די אויגען פונ׳ם קאפ! נישט מחמת דאס געלד גופא, נאר צו ליב די הכרחיות, וואס איך קאן זיך אהן דעם ניט באגעהן. אונ יא—א—א . . . דאס הייסט ווען למשל די הכרחות געהט איבער, איז דעמאלט ביי מיר דאס געלד שוין א לאו דוקא. געלד אונ ניט קיין געלד איז ביי מיר דעמאלט אלץ איינס . . . אונ יא—א—א . . . אט אזא מענטש בין איך, אונ אט אזוי ווי איהר זעהט זענען מיר אלע ויידענשטאמערס אזעלכע. (צום ווייב) הא? איטעלי, וואס זאגסט דו, אזוי, צי ניין?

**איטעלי.** אודאי אזוי, ווי דען? נאר מיר דאכט, אז דו האסט זיי עפים איין אנדער זאך געוואלט זאגען, פאר וואס זאגסט דו זיי ניט? . . .

**רב משה׳לי.** וואס זאל איך זיי זאגען? איך האב זיי שוין אלסדינג אפגעזאגט. וואס איז? אזעלכע בהמות זענען זיי, אז זיי פארשטעהען שוין ניט וואס מע רעדט צו זיי? צי מע בעדארף זיי טאקי אריינלעגען א פינגער אין מויל אריין, זיי זאלען איהם אפבייסען? . . . מיר דאכט, אז דער שכל הישר זאגט זיי שוין אליין, אז איך, ווי באלד איך בעדארף האבען א גמילת חסד, בעדארף איך נישט געהן צו קיין פרעמדען, אונ א מחותן איז דאכט זיך פארט עפים א שטיקל איינענער, הא?

**מאיר.** וויפיל אשטיינגער האט איהר בעדארפט האבען דאס . . . געלד מיין איך? מלכה, פאר וואס בעטסט דו זיי ניט, זיי זאלען עפים נעמען אין מויל אריין?

**מלכה.** נו, טהוט מיר צו ליב איך בעט אייך נעמט שוין עפים חאטש וואס ניט איז אין מויל אריין!

**רב משה׳לי** וויפיל איך בעדארף האבען געלד? א שטות׳עריי,

— סיר יוסף סעבאג־מאנטיפיארע, דער פלעמעניק און דער יורש פון משה מאנטיפיארי, איז געשטארבען אין לאנדאן צו 80 יאהר.

— אין דעם מאקאבעער־קלוב אין לאנדאן האט מען געמאכט א גרויסארטיגען באל לכבוד דעם יודישען לארד־מער.

— דער ענגלישער קעניג האט געשיקט א דאנק־בריף צום יודען סידני לי פאר זיין ווערק „געשיכטע דער קעניגין וויקטאריע", וועלכע ער האט נישט לאנג געלאזט אבדרוקען.

— פערגאנגענעם חנוכה זענען זיך צוזאמענגעקומען אין לאנדאן 500 יודישע סאלדאטען, דערונטער אויך איינינע יודישע אפיצירען אין א שוהל צום דאווענען. דער ענגלישער פעלד־מארשאל ראבערטס האט זיינע יודישע סאלדאטען אנגעטהאן דעם כבוד און איז געקומען אנגע־טהאן אין אוניפארם אין דער שוהל ביים דאווענען, אויך דער לארד מער סיר סעמיועל איז געוועזען צום דאווענען אנגעטהאן אין זיין אוניפארם.

**מאראקא.** אין פעץ איז געוועזען גרויסע פאגראמען געגען יודען, ביי וועלכע עס זענען גע׳הרג׳עט געווארען 20 יודען.

## באראן גינצבורג.

מ״ז טבת איז באראן נפתלי הירץ גינצבורג אויס פעטערסבורג 70 יאהר אלט געווארען און דעם 17 דעצעמבער איז געווארען 40 יאהר זייט עס האט זיך אין רוסלאנד געגרינדעט די חברה „מרבי־השכלה", אין וועלכע דער באראן איז באלד אין דער התחלה גע־וועזען דער וויצע־פרעזידענט און פון 1878 יאהר דער פרעזידענט.

פאמיליע גינצבורג איז איינע פון די גרעסטע און בעוואוסטע פאמיליעס אין רוסלאנד. צוערשט האט די דאזיגע פאמיליע געוואהנט אין דייטשלאנד, נאך אין דעם 17־טען יאהרהונדערט האבען זיך א טהייל פון דער משפחה איבערגעקליבען אין פוילען און אין 18־טען יאהרהונדערט געפינט מען שוין איינינע פון דער פאמיליע אויך אין דער ליטא. אין א משך פון 400 יאהר האט די פאמיליע גינצבורג ארויסגעגעבען בעוואוסטע חכמים, רבנים, גאונים און מחברים. די גרעסטע ראליע הויבט אן שפילען די פאמיליע אין די צייטען פון ר׳ שמעון גינצבורג, וועלכער רעכענט זיך פאר דעם ערשטען פון די פעטערסבורגער גינצבורגס. ר׳ גבריאל יעקב גינצבורג, וועלכער האט זיך ערווארבען א גרויס קאפיטאל, איז דער פאטער פון דעם ערשטען יודישען באראן אין רוסלאנד ר׳ יוסף יוזל גינצבורג. דער דאזיגער גינצבורג האט זעהר פיעל געטהאן פאר דעם יודישען כלל, ער האט זיך פיעל משתדל געוועזען ביי די רוסישע רעגירונג פאר די יודען און האט פיעל געפועל׳ט. טויזענדער, טויזענדער רובלעס האט ער ווי מען זאגט ממש געשאטען אויף אלץ, וואס איז נאר דערפון ארויסגע־קומען א טובה פאר דעם כלל ישראל און דער זוהן זיינער דער היינטיגער באראן גינצבורג, וועלכער האט פערגרעסערט דאס פאר־מעגען פון דער פאמיליע, האט אויך פערגרעסערט זיין חסד מיט אלע נויטבעדערפטיגע יודען הן דעם פרט הן דעם כלל און דאס טהוט ער נאך עד היום. זיין נדבה איז תמיד די ערשטע און די גרעסטע.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ד״ר הערצל איז זיך די לעצטע צייט משתדל צו בעקומען איין ערלויבניש צו עפענען איין אמת׳ע פיליע פאר דער קאלאניאל־באנק אין עסטרייך.

— דער גראנד ראבינער אין לאנדאן ד״ר אדלער האט געזאגט צום פארשטעהער פון די ארטהאדאקסישע ציוניסטען אין ענגלאנד, אז ער איז א ציוניסט מיט דעם גאנצען הארצען, נאר איהם געפעלט נישט ד״ר הערצלס און נארדויס שיטה.

— די ווארשעווער ביורא פאר דער יודישער קאלאניאל־באנק איז מודיע, אז זי האט שוין איהר ארבייט געענדיגט און האט שוין אלץ געבראכט אין ארדנונג און האט די ארבייט געשלאסען.

---

דאס הייסט ביי מיר הייסט דאס געלד, נאר ביי אייך איז דאס א גאר נישט . . . סך הכל א פאר טויזענד קערבלעך . . .

מאיר. (דערשראקען) א פאר טויזענד ?

רב משה׳לי. אויף דער ערשטער צייט. שפעטער, אז איך וועל זיך שטעלען בויען וועל איך בעדארפען האבען נאך אזעלכע צוויי דריי טויזענד . . . רעכען איך אז איהר זאלט . . .

מאיר. חס וחלילה ! ווא—וואס רעדט איהר ? ווייס איך וואס איהר רעדט ? אזעלכע געלדען האב איך ניט און האב גאר קיין . . . קיין . . . קיין מאל ניט געהאט ! . . . פאר וואס נעמט איהר עפיס ניט אין מויל אריין ? מלכה, בעט זיי. זיי זאלען עפיס נעמען אין מויל אריין.

מלכה. איך בעט אייך, טהוט מיר צו ליב, נעמט װשע שוין חאטש עפיס, חאטש וואס ניט איז, נעמט עפיס אין מויל אריין !

רב משה׳לי. א ז ע ל כ ע געלדען האט איהר ניט ? וואס הייסט א ז ע ל כ ע געלדען ? וועלכע דען געלדען האט איהר ?

מאיר. קיין . . . קיין . . . קיין שום געלדען האב איך ניט ! פאר וואס נעמט איהר עפיס ניט ? . . . מלכה ! . . .

מלכה. איך בעט אייך נעמט . . .

רב משה׳לי. (טהוט זיך א ווארף צוריק אויפ׳ן פאטעל) הייסט דאס זאגט איהר מיר אפעט ?

מאיר. חס וחלילה ! ווא—וואס הייסט איך זאג אייך אפעט ? איך זאג אייך ניט אפ, נאר קיין געלד, זאג איך, קאן . . . קאן . . . קאן איך אייך ניט געבען, מחמת איך . . . איך . . . איך האב ניט . . .

רב משה׳לי. (שטעהט אויף מיט א טיפען זיפץ, דרעהט זיך אויס צום ווייב) דארפען מיר נאך געהן, הייסט דאס, אויף דער פאסט ? הא ? וואס זאגסט דו, איטעלי ?

איטעלי. פארשטעהט זיך אויף דער פאסט ! . . .

רב משה׳לי. און פון דארטען ערגיץ נאך ? . . . הא ? וואס זאגסט דו, איטעלי ?

איטעלי. פארשטעהט זיך ! . . . (זיי דרעהען זיך אויס ביידע מיט די פנים׳ער צו דער טיר און געהען אוועק מיט גרויס גדלות אהן א זיי געזונד !

## XIII-טע סצענע

(מאיר און מלכה אליין, שטעהען א פאר מינוט ווי געלעמט.)

מאיר. (צו מלכה׳ן) נו ? . . .

מלכה. (צו מאיר׳ן) נו ? ? . . . אשטילע סצענע ; דויערט א מינוט)

——— סוף פונם ערשטען אקט. ———

(פארטזעצונג קומט.)



# ווארשאווער בריף

איהר מיינט אוודאי, אז גאר נישט... אז טויזענדער יודישע פאמיליעס אין קעלער-שטובען און אין „פאציאטעס" פרירען און קיינעם גערט עס נישט אן... מיר האבען ב"ה דאזארס, וואס זארגען פאר דער קהלה. נאך זומערצייט געדענקען זיי גוט, אז עס וועט אנקומען א ווינטער, ווען ארימע לייט וועלען, חוץ הונגער, קרענק און אנדערע צרות, ליידען קעלט, און פאר אזא קהלה ווי די ווארשאווער פאסט נישט אנדערש, ווי צו האבען אין איהר יעהרליכען בעריכט א בעזונדערע רובריקא: „הייצונג פאר ארומע לייט"...

כבן, בשעת עס איז נאך ווארעם און די קוילען זענען נאך ביליג, רופט מען אויס א ליציטאציע (טארגעס) אויף 20 וואגאנען קוילען און דער סוחר, וואס לאזט אראב דעם מקח, דער בלייבט די ארימע לייטס פערזארגער...

די מחוצפים, די עזות-פנים'ער, דאס הייסט די ארימע-לייט שרייען אפילו אלע יאהר געוואלד, אז נאך דעם אנפרירען זיך גאנצע טעג ביי דעם „גבאי'ס" טיר נאך דעם צעטל און דערנאך אין קוילען-סקלאד — בעקומען זיי ערשט אנשטאט קוילען שטיינער און אויך נישט אזוי פיעל, וויפיעל זיי האבען געברויכט צו בעקומען...

נאר ווער קוקט אויף דעם, וואס אזוינע לייט זאגען? ווער הערט זיי? אונזערע גבאים האלטען יעדען יור בחזקת כשרות, א סוחר וועט אוודאי איין ארימאן קיין עולה נישט טהון, און וועט אוודאי געבען קוילען כשר און עהרליך, אפילו ווען ער וועט מוזען שענע הונדערטער צום געשעפט דערלעגען (ווען דער סוחר וואלט טאקי געגעבען גוטע קוילען און איין עהרליכע וואג, וואלט ער געמוזט באמת פיעל היזק האבען נאך דעם פרייז, וואס ער נעמט). דעריבער טאקי געפינט זיך נישט ביים אויסטיילען די קוילען, קיין איינציגער בעאמטער פון די וועלכע זיצען אין קהל-שטוב... און דער סוחר שפירט זיך פראנק און פריי, און טהוט אזוי, ווי נאר זיין ליצעטאציעס געוויסען טראגט איהם אויס...

און מיינט איהר אפשר, אז ארימע-לייט זענען ביי אונז ווי די בני יחידים און אונזערע „דאזארס" פערצערטלען זיי, אז ביי א ליאדע קעלטל זאלען זיי זיך פערקיהלען? חלילה... אז דאס יאהר זענען געוועזען גרויסע פרעסט פאר ניי יאהר, האט מען זיי געהייסען האבען א ביסל בטחון, חאטש ביז נאך ניי יאהר. זאלען זיי דערווייל געוואהנט ווערען מיט דער קעלט. וואס מעהר איז בעסער... ווארען וואס בעקומען זיי דען משטיינס געזאגט שוין נאך ניי יאהר, אויפ'ן צעטל מיין איך? — פון 4 ביז 6 פוד קוילען. האט איינער גוטע צדדים, גיט דער „גבאי" איהם צוויי צעטלען — מעהר ווי 6 פוד אויף איין צעטל טאר זיך נישט געפינען. נו, איז נישט בעסער, אז די ארימע לייט ווערען פריהער צו געוואהנט צו קעלט?...

נאר ווייסט איהר, וואס ארימע-לייט קענען? איהר מיינט אוודאי, אז אויב זיי בעקומען א צעטל אויף קוילען, נעמען זיי אלע טאקי קוילען? עס זענען פערהאנען צווישען זיי אזוינע, וואס קומען צום סוחר מיט אזא מין פארשלאג:

— א פוד קוילען קאסט עטליכע צוואנציג קאפיקעס, גיט מיר צעהן קאפיקעס פאר יעדען פוד, וואס איך האב צו נעמען ביי אייך און פטור.

און אויב דער סוחר איז א גוטער. בעשטעהט ער אויף דעם פארשלאג, און גיט דעם ארימאן געלד אנשטאט קוילען, אדער שטיינער, ווי די ארימע לייט זאגען.

און חאטש ארימע לייט איז — ווי אונזערע בעלי-טובות זאגען — נישט צו גלויבען, דאך האבען אונזערע גבאים דאס יאהר א ביסל צו ליב געטהאן די ארימע לייט, און העלפט פון די 5000 רובל, וואס זיי האבען בעשטימט אויף הייצונג פאר ארימע לייט, צעטהיילען זיי מזומן געלד און נאר פאר די אנדערע העלפט קוילען.

איהר וועט אוודאי פרעגען: ממה נפשך? איז מען ווידער שוין יא דערגאנגען, אז עס איז בעסער צו טהיילען געלד אויף קוילען, ווי קוילען, ברויך מען דאך אלע צו טהיילען געלד?...

איהר מוזט אבער גוט געדענקען, אז די גבאים אליין זענען רחמנא ליצלן אויך אומגליקליכע מענשען... ביי זיי אין הארצען איז נעביך נישט ווייניגער קאלט, ווי אין די געפרוירענע קעלער-שטובען און זיי זענען איינגעפאקט אין א ראם פון אייז, פון וועלכע זיי קענען זיך נישט ארויסדרייען. ווען נישט דאס וואלטען זיי אוודאי קיין „ליציטאציעס" נישט געמאכט, נאר זיי וואלטען אליין געקויפט קוילען און זיי צעטהיילט דורך זייערע בעאמטע, נישט דווקא נאך ניי יאהר און נישט נאר 4 — 6 פוד... געלד וואלט זיך אין ווארשא געפונען אויף מעהר, ווען מען וואלט נאר געוואוסט, אז דערפון ווערד עפיס...

אוי, די ראם פון אייז, די ראם פון אייז... פיעל מאל פיהלען זי גוט נישט נאר ארומע לייט. פאר עטליכע טעג איז געשטארבען אין פראגא דעם דאקטאר עמאנואל'ס פרוי. זי איז כל ימיה געוועזען בעשעפטיגט מיט כלל-זאכען, ווי מיט איהרע איינענע קינדער. דורך איהר מיה איז געגרינדעט געווארען אין פראגא א פריוט (אחראנא) פאר ארימע קינדער, זי האט אויך פיעל געארבייט צו פערברייטען דעם ציוניזם צווישען יודישע טעכטער און אפילו ווען זי איז שוין געלעגען אויפ'ן טויטען בעט, האט זי נאך געקלערט וועגען נאך איין אנשטאלט פאר עלטערע קינדער. דעם כבוד פון דעם אלעם, האט זי רוהיג איבערגעגעבען אנדערע.

צו איהר לויה האבען זיך צונויף געקליבען מענשען פון אלע קלאסען, אזוי פיעל, אז די ברייטע טארגאווע גאס איז געוועזען שווארץ פון מענשען, דער פראסט איז געוועזען גרויס, און דא שטעהט מען און ווארט, א שעה, צוויי, דריי און די „עגלה" זעהט מען נישט.

וואס איז די מעשה?.

זוכט וועט איהר געפינען, אז די אורזאכע פון דעם איז ווידער די „ראם פון אייז", אין וועלכע עס זענען איינגעפאקט דאס רוב פון אונזערע שטאדט-פיהרער. זיי זענען אליין צו פיעל פארפרוירען, דעריבער מאכט ביי זיי ניט אויס, וואס טויזענטער מענשען ווארטען אויף דעם פראסט שעה'ן ווייז אויף דער „עגלה"...

דערגענען געפינען מיר ביי חסידים היינט און ביי די ביאלער — צו פיעל... קיין גרויסע גבירים זענען זיי נישט און דאך, ווען זיי האבען געוואהר געווארען, אז זייער רבי'צין איז נעביך א בעל-חוב

האבען זיי מיט גרויס התלהבות ארויס געחאפט דרייסיג טויזענד רובל אונ בעצאהלט איהרע חובות.

אונ ווייסט איהר פאר וואס זי איז אזוי פיעל שולדיג געוועזען? — פאר צירונג אונ קליידער וואס זי קויפט אונ לאט זיך מאכען — ווי די חסידים דערצעהלען — חס ושלום נישט ביי יודען, נאר ביי „מאנקעלעוויטשען" אונ „הערזען". קיין אנדער צירונג אונ קיין אנדערע קליידער קאן זי מיט איהרע טעכטער אונ שנור נישט טראגען...

עזריאל.

---

באיארקע (קיעוו. גוב.). באיארקע איז אין גאנצען איין סטאנציע פון קיעוו. ביי אונז איז פאראן סך הכל 10 יודישע פאמיליעס. דער האנדעל אונזערער בעשטעהט נאר פון דעם זומער. אויף זומער קומען צו אונז א סך דאטשניקעס פון קיעוו אונ די יודען זענען דאמאלס מעקלערס פון דירה'ס גלאט אזוי זיך הויז משרתים ביי די דאטשניקעס אונ א גאנצען ווינטער איז גאר פאר די יודען קיין פרנסה ניט דא. מיט 3 יאהר צוריק נאך דער איניציאטיווע פון ה' דוקלער אונ אנדערע באיארקער יודען, האט זיך געעפענט ביי אונז א חדר מתוקן.

אין דעם חדר לערנען זיך אלע קינדער יונגלעך אונ מיידלעך איבער 70 פערזאן. איבערהויפט לערנען זיי העברעאיש (עברית בעברית) די קינדער האבען זיך אזוי איינגעוואהנט מיט דער העברעאישער שפראך, אז זיי רעדען צווישען זיך העברעאיש. א חוץ דעם לערנט מען מיט זיי די יודישע געשיכטע אונ אויך די רוסישע שפראך אונ אריטמעטיק. פערשטעהט זיך, אז די באיארקער עלטערן קענען ניט צאהלען נאך זייערע פערדינסטען נאך קיין שכר למוד פאר די קינדער; דעריבער מוז זיך די שולע אויפהאלטען ניט פון דעם שכר למוד, דער געלד־געבער פאר דער שולע איז אלץ דער זומער אונ די דאטשניקעס. חאטש אפילו אזא סארט הכנסה איז ניט קיין קרן קימת, אזוי ווי אנדערע שולען האבען, נאר מיר זענען שוין געוואהנט צו דעם, אז אונזערע שולען אזוי ווי אונזער גאנץ לעבען זאל הענגען צווישען הימעל אונ ערד אונ דאך לעבען מיר דורך די ענערגיע פון דעם אייביגען יוד.

ש. א.

---

# הײַנטיגע יאהרען

פון

מ. י. ב.

יודישע שמחות. אמאליגע יאהרען האט דאס טאקי געהאט א פנים. דער לעקעך איז געוועזען לעקעך, דער בראנפען איז געוועזען בראנפען, אונ דער עולם האט זיך משמח געוועזען, אז עס איז געקומען דערצו, אז מען האט חתונה געמאכט א מיידל, א יונגל, צי מען האט געמאכט א ברית, א בר־מצוה, גלאט אזוי א שמחה'לע — פארוואס ניט? פארוואס זאלען זיך יודען ניט משמח זיין? איטליכער מענש האט קרובים, גלאט אזוי גוטע פריינד. משפחות זענען משפחות. אז גאט העלפט שפע, איז א ודאי גוט, איז ניט אזוי, איז נאך אויך גישקשה, אז מען איז אונטער יודען. מען פארלאזט קיינעם ניט, אונ אז מען איז זיך משמח, פרייט מען זיך טאקי ביז טיף אין הארצען אריין, אז יודען זענען יודען אונ האבען דעם בורא, וואס ער האט זיי ליב, אז זיי זענען אלע זיינע פון קליין ביז גרויס. טרינקען לחיים, מאכען א ברכה אויף א שטרודל איז גוט, מע האט גלאט הנאה צו רעדען מי'ט מענשען אונ זיין פריילעך. אז דארט קאן מען נאר לויבען זיינע קינדער אונ טאקי זיך אליין ווייזען, ווי מען איז לייטיש אנגעטאן. אז דארט רוהט מען אויס פונ'ם עול פרנסה אונ אלע דברי חול. גאט האט הנאה אז יודען זענען פריילעך אונ האבען בטחון. טאקי מען טרינקט אונ מען עסט, אבער ס'איז ניט גלאט זולל וסובא; יודען זענען אין איינעם. ווער שמועסט א זמר'ל, א טענצל מיט דער כלה אונ אהן דער כלה, דאס איז א שמחה על פי דין ועל פי טבע.

הײַנטיגע יאהרען אבער איז אלץ ניט אזוי... אויפ'ן קוק איז אלץ אזוי ווי אמאל, אבער אין הארצען האט עס ניט מעהר דעם פנים. אז מען איז יענעם א שונא בשעת מען מאכט ביי איהם קדוש, אז מען האט בכלל קיין חשק ניט צו גארניט, נאר וואס זאל מען טהון: מען מוז געהן. די חתונות אליין האבען ניט דעם בליסק ווי אמאל; אז די טאטעס אליין האבען נאר איין אנדער הארץ פאר קינדער; אז די קינדער זענען גאר מארנע אונ ווילען געהן אין שלאפעס. וואס מיר טאטע, ווער מיר מאמע, ווער מיר פריינד. נא דיר א האלב קערבל דרשה געשאנק, אבי טשעפע זיך אב פון מיר, אי ווער גייט מיך? גארניט, זאל א הונט ניט בילעי. דער מחותן אליין איז זיך אויך ניט אזוי מתנענע אז מען זאל צו איהם קומען. פארשטעהט זיך, מוז איך בעטען ראובנ'ען אונ חיים'ען אונ חייקיל'ען, כלומרש'ט גוטע פריינד, וואס זיי ווינשען מיר, זאל פאלען אויף זייער קאפ. אונ וואס איז די שמחה, איך מאך חתונה א יונגל. אבער ווי אזוי מאך איך?

אזוי געהט מען צו דער חופה, דאכט זיך, דער רב איז מסדר קדושין, קלעזמער זענען אויך דא, צוויי יודען אין ראזאוואולקעס האלטען די ברענענדיגע לעכט, אונ איין אלטע מומע מאכט זיך א הארץ אונ טהוט א שפרונג, מען פויקט, מען געהט צו דער גילדענער יויך, אבער ביי'ם טיש זיצענדיג, בשעת מען פיהרט דעם לעפעל אין מויל אריין טראכט זיך איטליכער אין הארצען; טרעפט וואס! מען טראכט זיך: עס איז ניט דאס, וואס אמאל.

---

# דער כלל.

פון

מ. י. ב.

איטליכער יוד, אפילו א פראסטאק, א קירזנער, א קאוואל, א מאראטשניק, צי וואס ער איז, ווייסט ביי אונז אויך עפים פונ'ם כלל. ער ווייסט, אז חוץ פון זיין שטאדט, וואו ער וואהנט, ווי טאקי לאדיזשענקע, טאראוועצא, טאלנא, יארמאלינעץ אונ אדעס איז נאך דא אסך יודען אין אלע ווייטער מקומות. טאקי ארץ ישראל אויך, אין אמעריקא גארניט צו רעדען, אויך דארטען אין „קירה" אונ אין דייטש־לאנד. מונטיפיור האט גאר געוואהנט אין ענגלאנד, אזש נאך ווייטער פוס פראנצויז. דארטען זענען אויך פאראן אמין יודען.— אז דער כלל ישראל איז געהויבען איז דאנק השי"ת, אונ אז עס זענען דא גזרות אויף יודען, לאזט מען אראב דעם קאפ. וואס איז שייך, פרנסה איז אפילו דער עיקר, מע מוטשעט זיך טאג אונ נאכט, כדי צו פארדינען

דאס שטיקעל ברויט. דער ענין פונ'ם כלל איז אבער א זאך, וואס איז תמיד דא אונ וואס געהט אין הארצען אריין, ניט נאר דער כלל פון היינט, נאר פון אלע מאל כסדר...

אפילו א סעדעכע פונ'ם מארק, וואס איז אריינגעטהאן אין איהרע עסקים מיט היהנער אונ קארטאפלעס מיט ציבעלעס, האט אויך א קוק אין די ענינים. זי ווייסט אז סע שלעכט יודען אונ אז די דורות לאזען זיך אויס. זי ווייסט, אז דער טאלנער זכרונו לברכה האט זיך שטארק געשלאגען מיט'ן שר, וואס דארט אויבען האט געוואלט מקטרג זיין אויף אונז פאר'ן בית דין של מעלה.

אפילו לייצי די בעדערקע, וואס האט שוין קיין אויגען ניט פונ'ם רויך אונ איז אויסגעדבר'ט, אז סע איז ארחמנות אויף איהר צו קוקען, האט אויך א שעה, וואס זי טראכט זיך: וואס וועט זיין פון יודען, זי טראכט דאס אפילו ניט אזוי אקוראט, אבער זי דערמאנט זיך וואס איז געוועזן פאר צעהן יאהרען, פאר צוואנציג יאהרען, אז סע געוועזן אומטום שפע אונ מע האט געזשעברעט מיט די הענד אונ היינט איז דער עולם דערשלאגען אונ עס איז ניטא פון וואנען צו לעבען. אז דער רבונו של עולם וועט וועלען וועט ער אויף איינמאל אויפהויבען יודען. וואס דען? ער וועט זיי פארלאזען? אז זיי זענען פארט זיינע קינדער אונ ער האט זיי ארויסגעצויגען פון מצרים. פון דעמאלט אן זענען מיר אין גלות. אזוי שטעהט עס געשריבען.

ניב אחאפ א קרעמער אפילו אין יאריד פאר חגא, אז ער איז שטארק פארטהון אין לייזען אונ האט גאר מורא, מע זאל איהם ניט צעטראגען די קלייט, גיב איהם דעמאלט אחאפ אונ זאג איהם: הערשיל עס זענען דא ישועות אויף יודען! וועט ער געבען א שפרונג: — וואס איז דא? זאג גיכער, סע'שטעהט שוין אויפ'ן בלאט? אפילו א יוד אקבצן, איין אביון, וואס געהט אויס פאר א זעקסער, וועט דיר אוועקווארפען אלצדינג פאר א שטיקל נייעס; וואס איז שייך, דער כלל איז עפים אכטעות, פאר זיך אליין וואס איז מען? אבגעלעבט די פאר יאהרען אונ בעגראבען, אבער דער כלל יודען איז דאך דא תמיד אונ בעדארף אבווארטען משיח'ן. אונ משיח אליין וואס טהוט ער? ער מוז טראגען אויף זיך אלע אונזערע עונות אונ כסדר גאט בעטען, אז מיר זאלען האבען אקיום. אברהם, יצחק, יעקב אונ אלע אבות זענען אויך דא אונ זענען מליצי יושר, אז דער שטן איז מקטרג.

געהט א יונגל אין חדר אריין, ארים אונ אבגעריסען, באר־פוס אין די גרעסטע בלאטעס, אז ס'איז א רחמנות, ווייסט ער שוין פון נמרוד אונ אמרפל אונ איז פרעה'ן א דם שונא, פאר וואס ער האט געמוטשעט יודען אונ געלאזט אויסקוילען אלע קליינע קינדער.

זיין שוועסטער יוכבד'ל א פערשמיערט מיידעלע, וואס שפילט נאך אין טשייכען אונ קאן נאך ניט טהון פון דאנען אהין, איז שוין אויך געוואר געווארען פון משיח'ן אונ פון די ראזשינקעס מיט מאנדלען.

דאס וועט אבער אלץ זיין אמאל, לעת־עתה ווערד מען פאר־שווארצט אונ אויסגעריסען: איך אליין וואלט שוין איבערגעטראגען מיין פעקל, אבער דער כלל, דער כלל ישראל...

# דער מאלער.

געווידמעט ר. ז.

ער איז פארבייגעגאנגען א גרויס-אלט-הויז אין א לאנגער, ארימער, רוישענדער גאס. ביי א טהיר פון א וואהנונג אין דער־נידער איז געשטאנען א יונגע, ארימע פרוי מיט א קינד אויף די הענד, אונ ביידע, די מוטער מיט דעם קינד, האבען געקוקט ערגיץ ווייט, ווייט, איבער די הויכע הייזער, איבער די קוימענס פון פאבריקען, איבער דעם געדיכטען שווארצען רויך, וואס האט פון די קוימענס געטראגען זיך...

אונ אין ביידענס בליקען האט זיך אויסגעדרוקט א שטום געבעט: גוואלד, נעהם אונז צו אהין, אהין, דא איז אונז שווער, מיר ווערען דא דערשטיקט אהן לופט, אהן ליכט...

אונ אין די בליקען איז אזוי פיעל טרויער געלעגען, אזוי פיעל צער אונ בענגען, אז דעם מאלער'ס הארץ האט זיך אנגעגאסען מיט ימים ווייכע געפיהלען.

— דאס איז דער עלענד אליין! — האט ער אין געדאנק גערעדט — ווי שען אונ ערהאבען, ווי ריהרענד דאס בילד איז!... גאט מיינער...

ער איז בעגייסטערט געווארען. ער האט נאך אמאל אויפ'ן לעבעדיגען בילד א בליק געטהאן אונ האט די זעלבע בליקען בעמערקט, דעם זעלבען טרויער, דאס זעלבע בעטען זיך: אהין, אהין! אונ ווי געטריבען פון א געהיימע קראפט, איז ער אהיים אוועקגעלאפען.

— איך וועל בעשאפען אזא בילד! האט ער הויך אויסגעשריגען, אריינקומענדיג אין זיין ארבייט-צימער.

אונ דריי טעג איז ער ווי צום לייוואנט צוגעשמידט געוועזן, דריי טעג האט ער ניט געגעסען, ניט געטרונקען, קיינעם ניט געזעהען, ער האט געוואלט בעשאפען פונקט אזא בילד, ווי ער האט אין דער ארימער רוישענדער גאס געזעהען.

אונ עס איז איהם געלונגען!

אז עס איז פערטיג געווארען האט ער דערויף געקוקט מיט אינווייניגסטער שמחה, ער איז גליקליך געוועזן, זיינע אויגען האבען געשטראהלט, ער האט, דאכט זיך, ניט קיין בילד, נאר דאס גליק פאר זיך בעשאפען...

ער האט דאס בילד „עלענד" א נאמען געגעבען אונ האט עס אויף איין אויסשטעלונג אוועקגעשיקט.

די קריטיקער האבען דאס בילד בעמערקט, מען האט עס בעוואונדערט, דאס פובליקום האט זיך ענטציקט. א מבין אונ רייכער דאצו האט עס פאר א סך געלד אבגעקויפט.

— איהר זענט אונשטערבליך! — האט איהם אויף מארגען א בעריהמטער קריטיקער געזאגט — אייער בילד וועט אייביג לעבען!

אונ דער מאלער איז ווי בעטרונקען פאר גליק געוועזן: ער האט איין אייביגעם בילד בעשאפען...

אַז עָר הָאט זִיךְ אָבֶּער פוּן עֶרְשְׁטֶען גְלִיק אַבִּיסֶל אוֹיסְגֶע־גִיכְטֶערְט, הָאט אִיהם אַ גִיפְטִיגֶער גֶעדַאנְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גַאסְט צוּ קוּמֶען.

— וואוּ אִיז דִי אָרִימֶע פְרוֹי מִיט'ן קִינְד?

שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסֶל אִיז דֶער גֶעדַאנְק נָאךְ גִיפְטִיגֶער גֶעוָוארֶען:

— דָאס בִּילְד אוֹיפ'ן לַייוַואנְט אִיז אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיךְ — וואוּ אִיז אָבֶּער דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע בִּילְד דָארְט אִין דֶער אָרִימֶער גַאס?...

אוּנ דֶער גֶעדַאנְק אִיז אַלְץ גִיפְטִיגֶער אוּנ גִיפְטִיגֶער גֶעוָוארֶען, עָר הָאט אִיהם רוּהֶען נִיט גֶעלָאזְט, עָר הָאט אִיהם שְׁלָאפֶען נִיט גֶעלָאזְט...

אוּנ אֵיינְמָאל הָאט אִיהם אַ צִיה גֶעטְהָאן אַהִין אִין יֶענֶער גַאס. זֶעהֶען דִי אָרִימֶע פְרוֹי.

גָאר — אוֹי־וַועה! דִי אָרִימֶע פְרוֹי, וָואס הָאט אַזוֹי שֵׁיין גֶעקוּקְט אִין דֶער וַוייט, מִיט אִיהר אָרִים. קְלַיין קִינְד, אִיז שׁוֹין מֶעהר דָארְטֶען נִיט גֶעוֶוען.

— וואוּ אִיז זִי? וואוּ אִיז זִי? הָאט עָר פֶערְצְווַייפֶעלְט נָאכְגֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען אִיהר.

וֶוער וַוייסְט? הָאט מֶען אִיהם קַאלְט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— חַא־חַא־חַא! הָאט עָר קוּמֶענְדִיג אַהֵיים זִיךְ ווילד פֶערְ־גַאנְדֶערְגֶעלַאכְט — דָאס טוֹיטֶע בִּילְד אוֹיפ'ן לַייוַואנְט וֶועט אֵייבִּיג לֶעבֶּען אוּנ זִי אַלַיין, מִיט'ן הַארְץ, מִיט גֶעפִיהְלֶען אִיז פֶערְשְׁווֹאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, קֵיינֶער וַוייסְט פוּן אִיהר גֶעבֵּיין אֲפִילוּ נִיט, קֵיינֶער וֶועט אֲפִילוּ אִיהר נָאמֶען נִיט וִויסֶען... חַא־חַא־חַא!...

אַבְרָהָם רַייזֶען.

# פְרִיהֶער אוּנ אִיצְטֶער.

I.

נִיטָא אַמָאלִיגֶע יָאהרֶען, אַמָאלִיגֶע פַּרְנָסוֹת! אֱמֶת טַאקִי, דִי אַמָאלִיגֶע פַּרְנָסוֹת זֶענֶען נִיט גֶעוֶוען גְרֶעסֶער ווִי אִיצְט, אָבֶּער דֶערְפַאר זֶענֶען זֵיי גֶעוֶוען תְּמִידְ'דִיגֶע, נִיט אַזוֹי, ווִי אִיצְטֶער — אַ קַדַחַת! אַמָאל אִיז דָא, אַמָאל נִיט. הַיינְט דִי הִצְטַרְכוּיוֹת?! אוֹי דִי הִצְטַרְכוּיוֹת! צִי קָאן מֶען פֶערְגְלַייכֶען אַמָאלִיגֶע הִצְטַרְכוּיוֹת מִיט הַיינְטִיגֶע? אַמָאל אִיז רֶעכְט גֶעוֶוען צוּ גֵעהן אִבִּי ווִי, וֶוער הָאט גֶעקוּקְט? וֶועמֶען הָאט גֶעקִימֶערְט? אִין גַאס אֲפִילוּ פְלֶעגְט מֶען גֵעהן מִיט אַ קָארְטוּנֶעם רָאק, הוֹיזֶען זֶענֶען גֶעוֶוען לַאו דַוְקָא, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶוען אוֹיף וֶועמֶען צוּ קוּקֶען, דֶער גְבִיר פוּן שְׁטֶעדְטֶל פְלֶעגְט אוֹיךְ נִיט גֵעהן בֶּעסֶער. אָבֶּער אִיצְט?! אִיצְט מוּז מֶען נָאכְטַאנְצֶען יֶענֶעם, אַ בְּרֵירָה הָאט מֶען? וָואס זָאל מֶען טְהוּן? מֶען הָאט דָאךְ עֶפִּיס קִינְדֶער, עֶס ווִילְט זִיךְ זֵיי נִיט מְבַיֵּשׁ זַיין, אַי עֶס אִיז נִיטָא פוּן וַואנֶען, וָואס זָאל מֶען טְהוּן, מֶען מוּז פֶערְבֵּייסֶען דִי לִיפֶען אוּנ מַאכֶען אַ שְׁווַייג!

הַיינְט דָאס לֶעבֶּען! צִי קָאן מֶען פֶערְגְלַייכֶען הַיינְטִיגֶעם לֶעבֶּען מִיט אַמָאלִיגֶעם? דֶענְסְטְמָאל אִיז גֶעוֶוען אַ פְרֶעהלִיךְ, אַ הֵיימְלִיךְ לֶעבֶּען, אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶוען אַזוֹי ווַיארֶעם אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי ווִי אֱמֶת'ע קְרוֹבִים; פְלֶעגְט זִיךְ מַאכֶען אַ שִׂמְחָה'לֶע בַּיי וֶועמֶען עֶס אִיז אִין שְׁטֶעדְטֶל, פְלֶעגֶען זִיךְ אַלֶע בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים מְשַׂמֵּחַ זַיין, אוּנ שִׂמְחָה'לֶעךְ פְלֶעגֶען פָארְקוּמֶען זֶעהר אָפְט. וֶוער רֶעדְט פוּן שִׂמְחַת בֵּית הַשּׁוֹאֵבָה, דֶענְסְטְמָאל פְלֶעגְט מֶען דָאךְ בִּכְלַל אַ גַאנְצֶע וָואךְ צוּ זִיךְ נִיט קוּמֶען, יֶעדֶען טָאג פְלֶעגְט מֶען הוּלְיֶען בַּיי אֵיין אַנְדֶערֶען בַּעַל־הַבַּיִת, אֲפִילוּ אַ ט"ו כִּסְלֵו, אַ מְשֻׁנְכָנֶס'ל פְלֶעגְט מֶען אוֹיךְ אַ גַאנְצֶע נַאכְט דוּרְכְהוּלְיֶען. עֶס אִיז גִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין חִלּוּק נְגִיד, אָרִימַאן, אַלֶע, דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶל, פְלֶעגֶען זַיין צוּזַאמֶען, עֶסֶען צוּזַאמֶען, טְרִינְקֶען צוּזַאמֶען אוּנ הוּלְיֶען צוּזַאמֶען. שְׁמֻעוֹן דֶער שׁוּסְטֶער פְלֶעגְט זַיין אַ גַאנְצֶער בֶּן־בַּיִת בַּיי רְאוּבֵן דֶעם נְגִיד. הַיינְט אָבֶּער אִיז יֶעדֶער פַאר זִיךְ בֶּעזוּנְדֶער, יֶעדֶער הָאט זִיךְ זַיין אֵייגֶען פֶּעקֶל צָרוֹת. דִי וֶועכֶּסְלֶען־צָאהלוּנְגֶען פֶערְדְרֵעהֶען דֶעם קָאפּ מִיט דִי יָאהרֶען אַזוֹי, אַז מֶען וַוייסְט נִיט אוֹיף וָואסֶער ווֶעלְט מֶען אִיז. אַמָאל פְלֶעגְט מֶען קְרִיגֶען אַ גְמִילוּת חֶסֶד, הַיינְט אִיז דָאס אוֹיךְ אוֹיס. אוּנ קֵיין וואוּנְדֶער אִיז עֶס נִיט, דִי בַּאנְקְרָאטֶען זֶענֶען אַזוֹי שְׁכִיחַ, אַז מֶען טְרוֹיט נִיט פוּן הַאנְד. דִי דַאֲגוֹת חִיוּנָה אִיז הַיינְט בַּיי יֶעדֶען אַזוֹי גְרוֹיס, אַז יֶעדֶער זָארְגְט נָאר פַאר זִיךְ, מִיט'ן צְווֵייטֶען קִימֶערְט עָר זִיךְ וַועניג, צְווִישֶׁען אֵיינֶעם אוּנ דֶעם אַנְדֶערֶען שְׁטֶעהט הַיינְט אַזוֹי ווִי אַ וַואנְד, וָואס לָאזְט נִיט זִיךְ מְקָרֵב זַיין.

אַזוֹינֶע מַאנְגֶעלְאַנְגֶען אִיז אוּנְז אוֹיסְגֶעקוּמֶען צוּ הֶערֶען נִיט אֵיין מָאל פוּן אַלְטֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, קְלֵיינֶע סוֹחֲרִים'לֶעךְ, וָואס הָאבֶּען זֵייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען גֶעלֶעבְּט פוּן מִסְחָר. מִיט גְרוֹיס בֶּעדוֹיעֶרוּנְג דֶערְמָאהנֶען זֵיי אַמָאלִיגֶע צַייט, וֶוען דָאס לֶעבֶּען פְלֶעגְט פְלִיסֶען שְׁטִיל, רוּהִיג, אָהן שְׁרֶעק אוֹיף מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג. דִי דָאזִיגֶע סוֹחֲרִים בֶּענְקֶען זֶעהר נָאךְ דֶער צַייט, וֶוען עֶס זֶענֶען נִיט גֶעוֶוען קֵיין גְרוֹיסֶע גְבִירִים אוּנ קֵיין גְרוֹיסֶע אָרִימֶע לַייט, אוּנ מִיט גְרוֹיס פֶערְאַכְטוּנְג קוּקֶען זֵיי ווִידֶער אוֹיפ'ן הַיינְטִיגֶען דוֹר, וֶוען יֶעדֶער אִיז אַזוֹי אַרַיינְגֶעטְהוּן מִיט לֵייב אוּנ לֶעבֶּען אִין זַיינֶע עֲסָקִים, יֶעדֶער אִיז אַזוֹי קַאלְט צוּם אַנְדֶערֶען, אַז אִיהם הוֹיבְּט גָאר נִישְׁט אָן צוּ אַרֶען יֶענֶעמְס לַאגֶע.

טְרֶעפֶען מִיר ווִידֶער אֵיין אַלְטֶען בַּעַל־מְלָאכָה, בְּעוֵוייִנְט עָר נָאךְ מֶעהר דִי אַלְטֶע צַייט, מִיט אַ בִּיטֶערֶען זִיפְץ דֶערְמָאהנְט עָר יֶענֶע צַייטֶען, וֶוען עֶס זֶענֶען נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין מַאגַאזִינֶען פוּן דִי סְחוֹרוֹת, וָועלְכֶע עָר אַרְבֵּייט אוֹיס, וֶוען עָר הָאט גֶעלֶעבְּט זֶעלְבְּסְט־שְׁטֶענְדִיג, וֶוען עָר הָאט גֶעהַאט זַיין אֵייגֶען ווַארְשְׁטַאט, זַיינֶע אֵיינֶגֶע צַייט, זַיין מַזָּל אִיז נִיט גֶעלֶעגֶען בַּיי אַנְדֶערֶע אִין דִי הֶענְט, עָר הָאט גֶעלֶעבְּט צוּזַאמֶען מִיט זַיין ווַייבּ אוּנ קִינְד. בִּיז אַ גֶעווִיסֶע צַייט פְלֶעגְט עָר זַיינֶע קִינְדֶער לָאזֶען לֶערְנֶען אִין חֵדֶר, נָאךְ דֶעם פְלֶעגְט עָר זֵיי אוֹיסְלֶערְנֶען זַיין מְלָאכָה אוּנ זֵיי פְלֶעגֶען אוֹיךְ לֶעבֶּען אַזוֹי שְׁטִיל, אַזוֹי רוּהִיג ווִי עָר אַלֵיין. אֱמֶת קֵיין גְבִירוּת אִיז נִיט גֶעוֶוען, דֶערְפַאר אִיז מֶען אָבֶּער גֶעוֶוען כִּמְעַט ווִי זִיכֶער פוּן לַיידֶען הוּנְגֶער. מִיט אָבְּגֶערִיסֶענֶע קְלָלוֹת שֶׁעלְט עָר דִי הַיינְטִיגֶע צַייט, וואוּ עָר אַלַיין הָאט שׁוֹין נִיט זַיין אֵייגֶען ווַארְשְׁטַאט, עָר מוּז אַרְבֵּייטֶען פַאר דִי מַאגַאזִינֶען אָדֶער בַּיי אֵיין אַנְדֶערֶען בַּעַל־מְלָאכָה. בַּיי זַיין אַמָאלִיגֶען חָבֵר. עָר הָארֶעוֶועט נָאךְ אֶפְשַׁר מֶעהר ווִי אַמָאל, דָאס ווַייבּ הָארֶעוֶועט. דִי קִינְדֶער הָארֶעוֶוען אוּנ סוֹף כָּל סוֹף אִיז נִיטָא פוּן וַואנֶען יוֹ"ט צוּ מַאכֶען, עֶס אִיז נִיטָא מִיט וָואס אַ קְלֵייד זִיךְ צוּ גֶעמֶען, עָר אִיז אָבְּגֶערִיסֶען פוּן ווַייבּ אוּנ קִינְד, עָר קָאן אוֹיף זֵיי קֵיין הַשְׁגָּחָה נִיט

געבען, פון חדר מוז ער זיי גלייך אבנעמען. און דאס וואלט נאך אלץ גוט זיין ווען ארבייט וואלט זיין שטענדיג, עס געהט אבער אוועק צייטען, ווען עס איז גאר ניטא קיין ארבייט, מען פערדיענט אפילו ניט דאס שטיקל ברויט. דענסטמאל קומט שוין גאר אויס צו לעגען די צייהן אויף דער פאליצע. דער פערצייטיגער סוחר און בעל-מלאכה האט שוין נאר נישט אויף בעסער, ער קוויקט זיך נאר מיט די אמאליגע יאהרען, זיי זענען ביי איהם אזוי זיס, אזוי אנגענעהם, אז ער הויבט זיי אן צו בעטראכטען ווי עפיס א הייליגקייט, גיט זיי צו אזוינע מעלות, וואס זיי קומט גאר ניט. טרעפט זיך א קאלטער ווינטער, הויבט מען אן צו בעדויערען אמאליגע צייטען, ווען עס איז ניט געוועזען אזוי קאלט, זעהט מען ווי יונגלעך שטיפען — שעלטען זיי היינטיגען דור מיט היינטיגע יונגלעך א. ז. ו.

וואס איז אבער די סבה, וואס עס איז פערביטערט געווארען אמאליג ווארעם לעבען אויף היינטיגען קאלטען, ענגאיסטישען דור? צי קאן מען האפען אז עס וועלען זיך אומקעהרען אמאליגע צייטען? צי לוינט ווידער צו האפען דערויף? אויף דער ערשטער שאלה וועט מען געוויס ענטפערען א קורצען תירוץ: "די צייט!" די נייע צייט איז אין דעם שולדיג. אבער וואס הייסט די צייט? צי זענען דען די יעצטיגע חדשים, וואכען און טעג אנדערע ווי אמאל? וואו ליגט דער סוד פון דעם אלעם? אמת טאקי יעדער דור ענדערט זיך, אבער וואס איז די אורזאכע, אז דער שנוי צווישען איצטיגע דורות איז קענטיגער ווי צווישען אמאליגע? פאר וואס זענען אין מיטעל-אלטער אוועק אזוי פיעל דורות מיט א קליינעם שנוי, און איצטיגע דורות בייטען זיך מיט אזא געשווינדקייט, אז דער שפעטערדיגער דור איז אין גאנצען אנדערש פון פריהערדיגען?

בכדי דאס אלעם צו פערשטעהן, מוזען מיר גוט אויסלערנען די סבה פון אלע געזעלשאפטליכע ערשיינונגען, מיר מוזען גוט פערשטעהן די הויפט-קראפט פון דעם גאנצען געזעלשאפטליכען מעכאניזם, דאס איז פאר אונז וויכטיג איבער פיעל אנדערע זאכען — דאס וועט אונז בעלייכטען און ערקלערען פיעל ערשיינונגען, וועלכע מען האט אנגעפאנגען צו בעמערקען נאר אין די לעצטע יאהרען.

פריהער פון אלץ מוזען מיר בעמערקען, אז די אלע פערענדערונגען זענען פארגעקומען ניט דוקא אין יודישען לעבען, נאר אלע לענדער און אלע נאציאנען האבען געהאט אדער וועלען נאך האבען דעם אייגענעם מזל. אין אנדערע לענדער ווי למשל: ענגלאנד, דייטשלאנד, זענען די אלע פערענדערונגען נאך מעהר בולט, ווי ביי אונז. דערפון קענען מיר שליסען, אז די בעדינגונגען, וועלכע האבען ארויסגערופען אזעלכע שנוים אין לעבען, זענען אומעטום געוועזען די אייגענע. וועלכע בעדינגונגען זענען זיי אבער געוועזען? מען קאן נישט זאגען, אז עס זענען געוועזען גייסטיגע בעדינגונגען, ווייל יעדעס פאלק, ווי עס איז ידוע, דענקט אנדערש און פיהרט איין אנדער סארט גייסטיג לעבען, און דעריבער האט דאס ניט געקאנט זיין דער "צד השוה", דער אלגעמיינער בעוועגער פון פערשידענע ערשיינונגען. אמת'ער איז, אז די סבות, וועלכע האבען גורם געוועזען די דאזיגע פערענדערונגען, זענען געוועזען עקאנאמישע, ווייל דאס איז דער "צד השוה" פון אלע לענדער און אלע מענשען. אלע ווילען עסען און דעריבער מוזען אלע פיהרען א גלייכע מלחמה פאר'ן קיום און א גלייכע מלחמה פיהרט, געוועהנליך צו גלייכע רעזולטאטען.

ווען מיר וועלען מאכען איין אלגעמיינעם איבערבליק איבער דעם עקאנאמישען לעבען פון אמאל ביז היינט וועלען מיר קענען גוט פערשטעהן די איבריגע ערשיינונגען, וועלכע קומען פאר ביי אונז אין לעבען.

א. ש. זאקס.

---

## וועלכע שפראכען רעדט מען.

מיט אפאר הונדערט יאהר פריהער האט יעדער געבילדעטער מענש געמוזט פערשטעהן פראנצויזיש און איטאליעניש, ווער עס האט געוואלט נאך מעהר געבילדעט זיין האט שפאניש אויך געלערנט. ענגליש האבען א חוץ די ענגלענדער, א גאנץ קליינער טהייל מענשען פערשטאנען. איין ענגלישער געלעהרנטער ווייזט אויף, אז אין דעם 1. האלבען אכטצעהנטען יאהר-הונדערט האט קוים איין איינציגער געבילדעטער פראנצויז פערשטאנען די ענגלישע שפראך. צייטען בייטען זיך אבער, היינט איז עס גאנץ אנדערש געווארען. די פראנצויזישער שפראך איז נאך אפילו היינט שטארק אין דער מאדע. אבער די ענגלישע האט איהר אריבער געיאגט; נאך די ביידע שפראכען ווערד אין דער וועלט די דייטשע גערעדט. אין פראנקרייך איז היינט א חוב אין אלע שולען צו לערנען דייטש. איטאליעניש לערנט מען שוין גאר ווייניג. עס לערנט איהר נאר דער וואס וויל מאכען א רייזע אין איטאליע אדער ווער עס שטודירט די מוזיק, ווייל אין דער איטאליענישער שפראך זענען געשריבען געווארען די בעסטע ביכער איבער מוזיק. נאך ווייניגער לערנט מען שפאניש, זי איז כמעט אין גאנצען אראב פון דער סצענע, איהר לערנען נאר שפראך-געלעהרנטע. דערפאר אבער הויבט מען אן ביסלעך-ווייז צו לערנען אלץ מעהר און מעהר די רוסישע שפראך.

וואס איז די סבה דערפון?

אנדערע מיינען, אז די סבה דערפון איז, ווייל די וועלט ווערד וואס אמאל מעהר מאטעריעליש און דעריבער האט מען אויפגעהערט לערנען די פראנצויזישע, איטאליענישע און שפאנישע שפראכען, וועלכע זענען די שפראכען פון פילאזאפיע, קונסט און ליטעראטור און מען האט אנגעהויבען לערנען די ענגלישע שפראך, וואס איז די שפראך פון האנדעל און ארבייט. דאס אליין איז אבער נאך נישט גענוג אבצושאפען שפראכען פון זייער ארט. דערצו זענען פאראן נאך אנדערע סבות, וואס ליגען אין די ענטוויקלונג און בעדייטונג פון די פעלקער, וואס ריידען די שפראכען.

די בעפעלקערונג פון די אייראפעאישע מדינות האט זיך אין א משך פון 400 יאהר פערגרעסערט אין פערשידענע ערטער, ווי עס איז ארויסצוזעהען פון די סטאטיסטיק, וועלכע מיר ברענגען דא: עס האבען געהאט איינוואהנער:

| אין יאהר | 1480 — | 1580 — | 1680 — | 1780 — | 1900 — |
|---|---|---|---|---|---|
| ענגלאנד | 3700000 | 4600000 | 553 000 | 9561000 | 412 0000 |
| פראנקרייך | 12600000 | 14300000 | 18800000 | 25100000 | 38800000 |
| פרייסען | 800000 | 1000000 | 1 00000 | 5460000 | 56000000 |
| רוסלאנד | 2100000 | 43 0000 | 12600000 | 26800000 | 111300000 |
| עסטרייך | 9500000 | 16500000 | 140 0000 | 202 0000 | 47100000 |
| איטאליע | 9200000 | 10400000 | 11500000 | 12800000 | 3200000 |
| שפאניע | 8800000 | 81 0000 | 9200000 | 960000 | 18 00000 |
| בס"ה: | 46700000 | 592 0000 | 73032000 | 10988100 | 344520000 |

מיר זעהען, אז ביז ענדע פון דעם 18 יאהרהונדערט האט פראנקרייך געהאט כמעט א דריטעל איינוואהנער פון די אייראפעאישע מדינות. אז מען זאל נאך צורעכנען די איינוואהנער פון שווייץ און בעלגיע, וואס ביי זיי איז פראנצויזיש געוועזען די מוטער-שפראך, וועט עס אויסמאכען א שטארק דריטעל. איטאליעניש און שפאניש האט מען נאר אין א זעכסטע חלק פון אייראפא גערעדט; ענגליש אבער האט נאר א גאנץ קליינע צאהל גערעדט.

ווי אנדערש איז עס אבער היינט! די שפאנישע שפראך איז אין גאנצען אראב פון דער סצענע, עס רעדען איהר נאך ווייניגער ווי א צוואנציגסטע חלק. זי ווערד דאס איינענע, וואס אמאל די ענגלישע שפראך איז געווען. די דייטשע שפראך שטעהט אויף איין צושטאנד. די ענגלישע שפראך האט זיך זעהר פיעל פערברייטעט. נאר מעהר פון אלע האט זיך פערגרעסערט די רוסישע שפראך, עס רעדען אין איהר היינט נישט פיעל ווייניגער ווי הונדערט מיליאן.

אייראפא איז אבער נאך נישט די גאנצע וועלט, ווען מיר זאלען בעטראכטען ווי די מערב אייראפעאישע קולטור האט זיך פערברייטערט אין די אנדערע חלקים פון דער וועלט, וועלען מיר א גאנץ אנדער בילד פון די הערשאפט פון די שפראכען בעקומען. דאמאלס וועלען מיר ערשט זעהען, ווי גרויס די הערשאפט פון דער ענגלישע שפראכע איז. עס איז גענוג צו בעטראכטען ווי אין דעם לעצטען יאהרהונדערט האט זיך די שפראך אין דער וועלט פערשפרייט; דען נאר אין דעם לעצטען יאהרהונדערט האט זיך די אייראפעאישע קולטור מיט קראפט פערשפרייט אין די איבריגע וועלט-טיילען. מיר וועלען דערנעהען, אז עס רעדען אלס איהר מוטער-שפראכע:

| | אין יאהר 1801: | אין יאהר 1890: |
|---|---|---|
| ענגליש | 20,520000 | 111,100000 |
| פראנצויזיש | 31,450000 | 51,200000 |
| דייטש | 30,320000 | 75,200000 |
| רוסיש | 30,770000 | 75,000000 |
| שפאניש | 26,190000 | 42,800000 |
| איטאליעניש | 15,070000 | 33,400000 |
| פורטוגעזיש | 7,480000 | 13,000000 |
| בס"ה | 161,800000 | 401,700000 |

אז מיר זאלען די דאזיגע ציפערן איינטיילען אויף די צאהל מענשען פון דער וועלט וועט אויסמאכען, אז עס האבען גערעדט אלס איהר מוטער-שפראך פון יעדע הונדערט:

| | : 1801 | : 1890 |
|---|---|---|
| ענגליש | 12. 7 | 27. 7 |
| פראנצויזיש | 19. 4 | 12. 7 |
| דייטש | 18. 7 | 18. 7 |
| רוסיש | 19. 0 | 18. 7 |
| שפאניש | 16. 2 | 10. 7 |
| איטאליעניש | 9. 3 | 8. 3 |
| פורטוגעזיש | 4. 7 | 3. 2 |

פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז נאר איין שפראך האט זיך זעהר שטארק פערגרעסערט, דאס איז די ענגלישע. זי האט אין אנפאנג פון 19-טען יאהרהונדערט געהאט נאר איין אכטעל רעדער און צום ענדע איבער א פיערטעל. איין אנדער שפראך איז געבליבען ווי געווען, דאס איז די דייטשע. די אלע אנדערע שפראכען האבען אנגעווארען, אפילו ווייניג, אבער דאך אנגעווארען, ווי צ. ב. די רוסישע, מעהר פון אלע האבען אנגעווארען די פראנצויזישע און שפאנישע שפראך.

ענגלאנד האט צו פערדאנקען די קראפט, וואס זי האט אין דער שפראך-וועלט געוואונען, די קאלאניזאציאן אין ניט אייראפעאישע לענדער און איבערהויפט דאס בעזעצען זיך אין צפון-אמעריקא. נאר א דריטעל איינוואהנער רעדען דארטען זייער מוטער-שפראך, צוויי דריטעל אבער רעדען ענגליש. אין יאהר 1890 האבען 89 מיליאן אייראפעער גערעדט ענגליש, אבער עס האבען גערעדט ענגליש נאך 58 מיליאן מענשען, וואס וואנען אין די פעראייניגטע שטאטען און 14 מיליאן מענשען, וואס וואהנען אין קאנאדא, א חוץ אויסטראליער, קאפענגלענדער וכדומה. די צאהל פון די וואס רעדען ענגליש ווערד אלץ גרעסער און גרעסער, ווייל עס ווערד אלץ מעהר די צאהל פון די איינוואהנער אין צפון-אמעריקא, דורך די נייע עמיגראנטען, וואס הויבען באלד אן צו רעדען ענגליש און דורך די נייגעבארענע קינדער פון די פיעל איינוואנער.

מיר האבען אלזא אין אייראפא נאר דריי גרויסע וועלט-שפרא-כען: די ענגלישע, רוסישע און דייטשע. די פראנצויזישע שפראך, ווערד מיט דער צייט אלץ ווייניגער און ווייניגער, ווייל די צאהל איינוואהנער אין פראנקרייך ווערד אויך ווייניגער, די גערמאנישע און סלאווישע "ראסע" אבער ווערט אלץ גרעסער און מעהר. די אונגע-הייער שטארקע אויסוואנדערונג אין אמעריקא פערמעהרט די צאהל פון די וואס רעדען ענגליש מיט מיליאנען. צווישען די דריי גרויסע שפראכען האט די דייטשע ווייניגער פון די איבריגע האפנונג אויף פערגרעסערען זיך, ווייל עס האט נישט קיין קאלאניען, וואס זאל גליסטען זיך דארטען צו בעזעצען. אדרבא אסך דייטשען קאלאנזירען זיך אין די ענגלישע קאלאניען און הויבען אויך אן רעדען ענגליש. די ענגלענדער אבער, אז זיי קומען אין זייערע קאלאניעס רעדען זיי אנדאי און אודאי זייער מוטער-שפראך — ענגליש.

(ענדע קומט).

ש. קרינסקי.

## איין אָפענער בריעף.

אין גיכסטען וועט ווערד 25 יאהר זייט אונזער חבר יעקב דינעזאהן האט אנגעהויבען שרייבען.

לכבוד דעם דאזיגען יובילעאום איז בעשלאסען געוואָרען ביי די ווארשאווער יודישע ליטעראטען ארויסצוגעבען א קליינעם זאמעל־בוך אין זשארגאן; א קליינעם, אבער זעהר א שיינעם, וואס זאל דיענען אלס א קליינער צייכען פון אונזער גרויסע ליבע צו דעם פאלקס־שרייבער.

דעם אונטערגעשריבענעם האט מען איבערגעגעבען די רעדאקציע פון דעם דאזיגען זאמעל־בוך. מען בעט די שרייבער, וועלכע שעצען דעם יובעליאר דינעזאהן, זיי זאלען וואס צום גיכסטען צו שיקען ליטעראַרישע זאכען ווי מעגליך קליין אין פארמאט אבער רייך אין אינהאלט, לויט די אדרעסא:

י. ל. פרץ

ווארשא, ציעגליאנא 1.

## וויסענשאפטליכע ידיעות

(א מיטעל געגען רעהמאטיזם). ד״ר מינסטער אויס בערלין האט געפונען א נייע מיטעל געגען רעמאטיזם, וועלכעס מען שפריצט אריין אונטערן הויט ביי די רעהמאטיז־קראנקע. די פראבען וואס מען האט געמאכט האבען דערוויזען, אז דאס מיטעל היילט אויס שארפע און חראנישע רעמאטיז־קראנקע.

(א באהן וואס דארף זיך קיינמאל נישט אבשטעלען.) איין ענגלישער אינזשעניער ברוין האט געפונען אגאנץ נייעם סארט לאקאמאטיוו, וואס ברויך זיך קיינמאל נישט אבשטעלען. דער דאזיגער לאקאמאטיוו וועט געהן פון איין שטאדט אין דער צווייטער נאך אנאנד און וועט קענען אויף יעדע סטאנציע אראבזעצען און ארויפנעהמען פאסאזשירען און זיך נישט דארפען אויפהאלטען. אין יעדע סטאנציע וועט זיין גרייט א וואגאן, אין וועלכען עס וועלען זיך געפינען די פאסאזשירען, וואס ווילען פון דער סטאנציע פאהרען און גלייך ווי דער צוג וועט קומען וועט מען דעם וואגאן צו טשעפּען צום צוג פון פאָרענט און אין דער אייגענער מינוט וועט מען אב טשעפען דעם הינטערשטען וואגאן, אין וועלכען עס זיצען די פאסאזשירען, וואס דארפען אויף דער סטאנציע אראב געהן.

## אלערליי.

(די פאטשטען פון דער וועלט). מעהר פאטשטען פון אלע אנדערע מלוכות האט נארד אמעריקא; עס געפינען זיך דארט 74000; דייטשלאנד האט 35000; ענגלאנד האט 21000 און רוסלאנד 4781. אז מען זאל צעווארפען די פאטשטען לויט דעם צאהל פון די איינוואהנער, וועט אויסמאכען, אז אמעריקא האט א פאטשט אויף יעדע 850 מענשען, דייטשלאנד – אויף יעדע 1470, ענגלאנד – אויף יעדע 1800 און רוסלאנד – אויף יעדע 36,000 איינוואהנער. אין אמעריקא מאכט אויס, אז יעדער מענש שיקט אין א יאהר 100 בריף, אין ענגלאנד 85, אין דייטשלאנד 32 און אין רוסלאנד 6.

(פרעזידענט רוזוועלט איין אויוען־הייצער). דער אמעריקאנישער פרעזידענט רוזוועלט איז איינגעשריבען כמעט אין אלע „צעחען" פון די פעראייניגטע שטאאטען. נישט לאנג איז ביי איהם געוועזען א רעפּוטאציע פון די אויוענהייצער (קאטשעגארען) אויף די באהנען. די רעפּוטאציע האט געבראכט דעם פרעזידענט א דיפּלאם אויף איין עהרען־אויוען־הייצער.

(80,000 דאלאר פאר אלאזשע אין טעאטער). אין דעם ניו־יארקער אפּערנהויז „מיטראפּאליטין", וואו אלע מיליאנערען און מיליאר־דערען האבען זייערע אייגענע לאזשעס אויף דעם גאנצען לעבען, איז ליידיג געבליבען א לאזשע, וועלכע האט געהערט דעם מיליאנער בישאפּסהיים בשעת ער האט געלעבט. די לאזשע האט נאך זיין טויט אבגעקויפט א געוויסער יעקב ב. האגגין און האט פאר איהר בעצאהלט 80000 דאלאר.

(תקונים ביי דעם פערזישען שאך). אין פּערזיע איז מען שטארק ברוגז אויף דעם שאך פאר די נייע רעפארמען און תקונים, וואס ער האט ביי זיך אין הויף געמאכט. עס פערדריסט זיי זעהר, וואס ער האט פערקלענערט די צאהל פון זיינע פרויען פון 1700 אויף 60. די פערזער בעטראכטען דאס פאר א גרויסע זינד. שולדיג אין דעם, זאגען זיי, איז די לעצטע רייזע, וואס ער האט אין אייראפּא געמאכט. אזא רעפארם האט נאך קיין שאך זיך נישט ערלויבט צו מאכען. דער פאריגער שאך האט איבערגעלאזען 1500 פרויען און איינע הונדערט קינדער.

(וועלכעס פאלק אין אייראפּא שכור׳ט מעהר) מעהר פון אלע לענדער לוידט דייטשלאנד פון שכרות. זי ברענגט אויס א יאהר אויף שארפע געטרענקע דריי מיליארדען.

(וויפיעל ביכער איז דא אין דער וועלט). א פראנ־צויזישער זשורנאל ברענגט א סטאטיסטיק פון די ביכער, וואס געפינען זיך אויף דער וועלט. לויט דער דאזיגער סטאטיסטיק איז די גרעסטע צאהל ביכער דא אין מערב אייראפּא, היינו 2 מיליארדען. אין די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא איז אין גאנצען נאר דא 800 מילי־אנען. אין מזרח אייראפּא (רוסלאנד, טערקיי, די באלקאנישע רעגירונגען) 500 מיליאנען ביכער אין די אנדערע טהיילען פון דער וועלט 250 מיליאנען ביכער. בסך הכל איז דא אין דער וועלט דריי מיט א האלב מילי־ארד ביכער.

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

– פרוי ל. נ. אנאפאנאוו, וואס איז נישט לאנג געשטארבען אין פאריז, האט אין איהר צוואה אבגעשריבען אויף פערשידענע צדקות אין מאסקווא 200,000 רובל.

– אין בערלינער אוניווערזיטעט האט מען פריילין יאהאנע דע יאנג אויס האלאנד געגעבען דעם טיטעל דאקטארין פאר קונסט־געשיכטע.

– די ערשטע דאקטארין אין דייטשלאנד איז געווארען אין יאהר 1746 פרוי מאריא גערינגען אין פראנקפורט־אם־מאין.

### II. יודישע נייעס.

– דער קיעווער פאליציי־מייסטער האט ערקלערט, אז די יודישע פרויען, וועלכע לערנען זיך צו זיין אקושערקעס און פעלדשערינען האבען דאס רעכט צו וואהנען אין קיעוו.

– אויף דער אספה, וואס די פרויען־פעראיינען האבען געהאלטען אין וויסבאדען האט מען אויך גערעדט זעהר סימפאטיש וועגען די

יודישע פרויען-פעראיינען, דער עיקר האט מען געלויבט די טהעטיגקייט פון דער יודישער פרוי לינא מארגענשטערן, וועלכע ארבייט שוין 50 יאהר פאר די פרויען. פרוי מארגענשטערן איז היינט אלט 72 יאהר אונ פון דעסטוועגען הערט זי נישט אויף ארבייטען פאר די פרויען פון אלע אמונות אונ קלאסען.

— ביים ווילנער יודישען האספיטאל האט זיך געגרינדעט א חברה „יודישע בארעמהערציגע שוועסטער".

---

# די קולירען אין דער פרויענקליידונג.

(ענדע).

טהיילמאל איז דוקא דאס, וואס ביי אלעמען קומט אויס ווילד אונ נישט פאסיג, דאס שענסטע. אבער וואו נעמט מען אזא פרוי, וואס זאל האבען דעם מוטה זיך אנצוטהון אזא קלייד, וואס ביי איהר אין די אויגען קומט עס אויס זעהר שען, נאר זי ווייסט, אז אנדערע פרויען וועלען פון איהר לאכען. „איך וועל מיר דאך נישט געהן אנטהון אזא קלייד — טראכט זיך אפילו די פרוי, וואס ווייסט באמת, וואס עס הייסט שען — מענשען זאלען נאך מיר נאכלויפען, מען זאל מיך האלטען פאר משוגע.

וויל מען, אז איין אמת'ער עסטהעטישער קאסטיום זאל ביי די פרויען נושא חן זיין, זאל מען דערמיט אנקליידען עפיס א בעריהמטע אקטריסע א שרה בערנאר, אדער אזוי א גרויסארטיגע סאלאן-דאמע אונ באלד וועלען אלע מאגאזינען פול ווערען מיט אזוינע קאסטיומען, טויזענדער פרויען וועלען קומען אונ רייסען פון די הענד אט אזא מין קאסטיום. איינינגע פאבריקאנטען זענען טאקי געפאלען אויף דער המצאה אונ האבען געשארט געלד מיט לאפעטעס, אמת נתעשר געווארען; דערמיט אבער איז נאך דער אמת'ער געשמאק נישט פערפיינערט, נישט פערעדעלט געווארען.

* * *

מיר האבען א גוטע לעהרערין, וועלכע זאגט אונז וואס פאר א קוליר אויסצוקלויבען, א לעהרערין, וועלכע איז זיך קיינמאל נישט טועה,—עס איז די נאטור. דער עולם וועט אפשר דערפון לאכען, עס איז אבער פארט אזוי. מיט א פאר יאהר צוריק בין איך געוועזען אין טיראל, אין א פערווארפען טהאל, וואו עס קומען זעהר וועניג מענשען, נאר דארט האט געוואהנט א בעריהמטער קינסטלער מיינער א גוטער בעקאנטער. געקומען בין איך דענסטמאל גלייך פון א גרויסע שטאדט. איך האב בטבע נישט ליב קיין שרייענדיגע פארבען אונ האב עס קיינמאל נישט געליטען, נאר דענסטמאל האב איך פשוט מורא געהאט פאר שרייענדיגע פארבען, די שרייענדיגע קאלירען, מיט וועלכע אונזערע פרויען, וואס האבען קיין שום בעגריף אין קונסט, קליידען זיך, האט מיר פשוט קראנק געמאכט די אויגען.

אנטלאפען בין איך דענסטמאל פון דער גרויסער שטאדט אונ בין געקומען אין א שטילען רוהיגען דארף אין טיראל, דארטען האב איך געוואלט אויסרוהען מיינע אויגען, נישט זעהען מעהר די שרייענדיגע קולירען, דארטען בין איך שטאלץ געווען אויף מיין עסטעטישע קליידונג. נאר מיין בעקאנטער קינסטלער האט מיר נישט געלאזט לאנג שטאלצירען, ער האט מיר איינגערוימט א סוד, אז די קולירען פון מיינע קליידער זענען נישט איבריג שען. אין אנפאנג האט דאס מיר אפילו שטארק פארדראסען, ס'טייטש, מיר זאל מען זאגען, אז איך פערשטעה נישט אויסצוקלויבען קיין שענע קולירען, באלד אבער האב איך איינגעזעהען, אז ער האט רעכט.

די קולירען, וואס זייענדיג אין שטאדט האבען מיר אויסגעוויזען מאט אונ דונקעל געגען די שטאפען, וועלכע זענען מיט אנילין-פארבען געפארבט, האבען מיר דא אין וואלד צווישען די ריינע אונ אונשולדיגע פארבען פון דער נאטור אויסגעוויזען פאלש, אונ הציפות'דיג, אזוי אז איך האב מיך פשוט געשעמט אין זיי ווי א גנב, איך האב מיך פראסט געפיהלט אומגליקליך.

דענסטמאל ערשט האב איך מיך אויסגעלערנט זעהען.

דער רויטע, גלהענדע מאהן-בלום איז געשטאנען אין גרינעם פעלד אונ האט אויסגעקוקט אזוי ליעבהארציג, עפיס האט זי זיך צוגעטולעט אזוי רחמנות'דיג צו דעם גרינעם, הויכען גראז, גלייך ווי זי וואלט זיך געוואלט בעהאלטען פאר א שונא אונ דער פיאלעטעווע בעפוצונג פון מיין הוט, וועלכע איך האב געהאלטען ביז איצט שוין פאר אביסל צו אלט נאך מיינע יאהרען, האט צווישען די בנעימות'דיגע קולירען פון דער נאטור אויסגעזעהען אזוי עזות'דיג, אזוי חוצפה'דיג אזש צום חלישע'ן.

אונ דער גרויהע קוליער פון מיין מאנטל האט מיר אויסגעוויזען אזוי הארט, אזוי קאלט געגען די ווייכע, עדלע אונ דאך לייכטענדיגע גרויע קוליער פון די בוימער-קארע.

*

די בעסטע קוליער סיי פון דער פראקטישער זייט, סיי פון דער קינסטלישער זייט זענען די שטאפען, וועלכע זענען געפארבט מיט פארב, וועלכע זענען געמאכט פון פלאנצען, אזוינע קולירעי פלעגט מען גאר אין די אלטע צייטען געברויכען אונ אזוינע דארף מען אויך היינט געברויכען. עס פערשטעהט זיך, אז עס וועט נישט אזוי לייכט אנקומען צוריק איינצופיהרען די אלטע פארבען-מעטאדע, ערשטענס איז דאס פארבען מיט אזוינע קולירען זעהר א שווערע, פערוויקעלטע קונסט, צווייטענס וועט דאס מאטעריע דורך דעם טייערען פרייז פון די איינצעלנע פארב-שטאפען שרעקליך טייער ווערען, דריטענס וועט ווערען וועניגער דער אויסוואהל פון די פערשידענע סארטען קולירען, וואס מיר האבען היינט דורך די מינעראל-פארבען.

דערפאר אבער האבען די פארבען פון דער אלטער צייט א סך מעלות, וואס די נייע פארבען האבען עס נישט. מיר וועלען שוין ניט רעכענען די מעלות פון דער עסטהעטישער זייט, וואס עס איז פיעל שענער, פיעל אמת'ר, וואס דאס איז אויך זעהר וויכטיג, נאר די פראקטישע מעלות. די קולירען פון דער אלטער פארבען מעטאדע ווערען קיינמאל נישט אן זייער ריכטיגען קוליר, עס שאדט זיי נישט די ליכט-שטראהלען אונ עס בליאקעוועט נישט אב אונ א חוץ דעם מאכט עס נישט קאליע דעם שטאף. א שטיקל שטאף, וואס מען פארבט לויט דער נייער מינעראלען מעטאדע, ווערד, ווי עס איז בע-

קאנט, דורכגעפרעסען פון די פערשידענע שעדליכע חעמישע יסודות, פון וועלכע זיי זענען צוזאמענגעמישט, די זון ווירקט זעהר שלעכט אויף די שטאפען, וואס זענען געפארבט מיט די מינעראלישע פארב, זיי ווערען באלד אבגעבלייכט און דאס מאכט זעהר מאוס דאס קלייד. געוואהנליך ווערען די קליידער, וואס זענען געפארבט מיט פלאנצען, אויך אביסל אנדערש פון די זון־שטראהלען, אבער דאס ווערד ניט אזוי געשווינד און אפילו די אבגעבליאקיוועטע פערליערען אויך ניט אין גאנצען זייער רייץ, עס בלייבט שטענדיג איבער א פרישער קוליר, וועלכע קען דעם עסטהעטישען געפיהל פיעל ווייניג צופרידען שטעלען.

עס זענען דא נאך פון וועמען זיך צו לערנען, ווי צו בעהאנדלען די פארבען ביי דער פרויען־טואלעטע — דאס זענען די גרויסע אלטע און מאדערנע מייסטערס אין זייערע בילדער און פארשטעלונגען פון די בעקליידעטע פרויען אין אלטע צייטען. איך ווייס, אז א סך פרויען וועלען פון מיר לאכען און זאגען, משוגע דארף מען זיין צו גטהן און נאכטאנצען די פארצייטיגע נאראנים, זיי האבען עפּים אויך געוואוסט וואס עס הייסט גוט, וואס עס הייסט שען, שוין בעסער זיך צו פארלאזען אויף מיין שניידער.

און פון דעסטוועגען בין איך זיכער, אז די גרויסע מייסטערס אין דער מאלער־קונסט, געבען די בעסטע קוועלען, פון וועלכע די בעשאפער פון דער מאדע נעמען זייערע פאסאנען און קולירען. די פארצייטיגע עדעל־פרויען האבען זיך נישט פערלאזט אויף דעם שניידערס מבינות, זיי האבען אליין, לויט זייער רייכער פאנטאזיע אויסגעגעבען דעם פאסאן און די פארבען פון זייערע קליידער. מען דערקענט אין די פערצייטיגע קליידער, אז דאס זענען נישט קיין נאכגעמאכטע, נאכגעטאנצטע פאסאנען נאר אריגינעלע, אליין אויסגעטראכט, לויט די אייגענע פאנטאזיע און ניט ווי היינטיגע פרויען, וועלכע געפעלט נאר אלעס וואס יענע טראגט, ווי די צווייטע געהט, טאמער טראגט איהר חבר'טע א רויט קלייד, וועט זי שוין ניט טראגען קיין בלוי קלייד אדער איין אנדער קוליער, דער שטאף מעג זיין בעסער, שטארקער און ביליגער. אט אזא האראקטער האט די נייע צייט אויסגעארבייט ביי היינטיגע פרויען.

איך וואלט נאך געקאנט זאגען פיעל זאכען וועגען די פרויען־קליידונג נאר דער קליינער פלאץ אין אייער „יודישע פרויענוועלט“ וועלכע איהר גיט אין אייער צייטונג, ערלויבט מיר ניט וועגען דעם צו רעדען באריכות.

דבורה לעווינזאהן.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

---

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן „יודישע פאלקסצייטונג“ אין קראקוי, לטובת הקופה הלאומית.)

הננו מברכים בברכת מז״ט את ידידנו מר ברוך הורוויץ לחתונתו עם ב״ג מרת פאני זימסאהן ביום ג׳ כ״א טבת. ונדבנו 1.50 לטובת הקופה הלאומית.

י. פאזשאריק, ב. קראקאו, ע. סערעבראני.







Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau



**נעגעז מערידען און פוקלעם!**

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך
אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר׳ 50 קאפ.



**Д. МОШК ВСКІ Варшава, Налевки 37.**

(55)

---

# פאבריק פון קויטשוק־סטעמפלען

**Л. Великсонъ, Рымарская 3, Варшава**



פערפערטיגט אלע ארט קויטשוק-סטעמפלען פון פיינסטען אמעריקאנישען קויטשוק, אויך אלערארט מעטאל-סטעמפלען, אזוי אויך די פיינסטע **מעססינג־שילדער צו טירען.**

**אלעס מיט ביליגע פרייזען,** ווי צום ביישפיעל:

**מעססינג־שילדער** צו טירען פיין גראווירט: נאמע און בעינאמען, שווארץ עמאלירט, פיין פאלירט, **פרייז נור 1 רובל.**

**ניקעלנע** טאשען-שרייבגעצייג, ענטהאלט שטאל-פעדער און בלייסטיפט מיט צוויי סטעמפלען: (1 קויטשוק-סטעמפעל, נאמען און בעינאמען, 1 סטעמפעל צו לאק פון צוויי בוכשטאבען) **פרייז נור 40 קאפ.**

טאשען-קויטשוק-מאנאגראמס צום צייכנען אויף וועש, פאפיר א. ד. ג צוזאמען מיט א קישעלע און שעכטעל צו טוש, פרייז נור 10 קאפ.

בעשטעלונגען אויף דער פראווינץ ווערדען רעעל אויסגעפיהרט און שנעל ארויסגעשיקט אויך פער נאכנאהמע.

עס ווערען געזוכט אגענטען אויף זעהר בעקוועמע קאנדיציעס.

פרייז-קוראנט ווירד ארויסגעשיקט **אומזאנסט!!!** 9—25 (52

---

# הוצאות חדשות של „תושיה".

1) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (עפ"י השטה הטבעית) עם 24 **ציורים יפים ואותיות הכתיבה.**

בצד כל אות יש ציור יפה בצבעים, הנקרא בשם המתחיל באות זו, ושם הציור מתחת. נדפסת על טבלה גדולה, להדביק אל הקיר בבה"ס.

מחירה 20 קאפ׳, ע"פ 22 קאפ׳.

מדבקת על **ניר עב** — מחירה 30 קאפ׳, ע"פ 36 קאפ׳.

2) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) **מטולטלת,** ערוכה **בקוביות.**

כל אות עם ציורה מרכבים מחלקים קטנים מדבקים על גזרי ניר עב קטנים (קוביות), שעל הילדים לחבר אותם בעצמם, בכדי שתצא האות הדרושה עם הציור השייך לה — ערוכה **בתבת־ניר יפה** — ובתיכה לוחות לדוגמא ערוכות לזה. נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית-הספר.

מחירה 75 קאפ׳, ע"פ 85 קאפ׳.

3) **אלפא ביתא מטולטלת,** ערוכה **בקוביות.**

אותיותיה מדבקות על גזרי עץ קטנים מרבעים (קוביות) מכל ששת עבריהם ומכילה בארבעים ושמונת קוביותיה הרבה אלפא-ביתות עם נקודות מיוחדות, להרכיב מהן מלית ומאמרים — ערוכה **בתבת ניר.** נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית-ספר.

מחירה 50 קאפ׳, ע"פ 80 קאפ׳.

4) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (ע"פ השטה הטבעית), עם 82 **ציורים יפים.**

האותיות גדולות מאד, נדפסות בצבעים שונים ובתוך כל אות באים ציורים בצבעים מתאימים להם, הנקראים בשמות המתחילים באות זו, ומתחת לכל אות שמות הציורים שבתוכה, — נדפסת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.

מחירה 25 קאפ׳, ע"פ 30 קאפ׳.

מדבקת על **ניר עב** — מחירה 35 קאפ׳, ע"פ 43 קאפ׳.

5) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) במחברת קטנה נאה, שבכל עמוד אות אחת עם ציורה ושמות הציורים מתחת האות, והעלים מדבקים עם ניר עב.

מכורכת במעטפה ציורית (בצבעים) יפה, מדבקת על ניר עב, נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית-הספר.

מחירה 50 קאפ׳, ע"פ 60 קאפ׳.

6) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) **מטולטלת** ערוכה **בקוביות.**

האותיות עם ציוריהן מדבקים עם קוביות של ניר-עב גדולות ויפות מכל ששת עבריהן, ערוכה בתבת ניר גדולה ויפה עם ציור נאה בצבעים ממעל. נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית-הספר.

מחירה 1 רובל, ע"פ 1.10 רובל.

Издат. „Тушія", Варшава.—Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.



## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. **בויכבענדער** פיר פרויען, עלאס-טישע גוממי שטרימפפע פיר גע-שוואלענע פיס, בריללען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר הענערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען

די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**

подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלען מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 50—2- 149

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

# נסיון!

## כל הקדם זכה!

למלאות רצון רבים, האומרים, כי מחיר „**השבוע**" (המכיל 12 עמודים גדולים, ולפעמים גם 16) רב הוא לעמת מחיר העתונים העברים היו"ל ברוסיה, גמרנו לעשות לע"ע נסיון ולהורידו רק **עד יום 1 מארץ הבא** (למספר הרוסים) ממחיר 5 רו"כ עד **2.50** רו"כ לשנה. מחיר זול כזה לא היה עוד לעתון עברי, ונקוה, כי הקוראים ישתמשו בשעת הכשר וימהרו לחתום את ידם על „השבוע", וכל הקדם זכה! לחצי ולרבע השנה **לא** תתקבל החתימה.

„**השבוע**" הוא עתון ציוני, אשר טובי סופרי ישראל וחכמיו ישתתפו בו. מלבד מאמרים בכל שאלות הזמן וידיעות נכונות ע"ד מצב ישראל בכל תפוצותיו — ביחוד ע"ד מצבו החמרי והרוחני בחוץ לארץ רוסיה, — יבאו בו גם מאמרים ספרותיים ומדעים שונים, אשר לכל אחד מהם ערך קים, גם פיליטונים נעימים, ספורים גדולים וקטנים, שירים ומכתבים — והכל ערוך בידי סופרים בעלי-כשרונות

„**השבוע**" קבע לו זה עתה את הרידקציה הראשית בעיר **לונדון,** באופן אשר מעתה יגדל עוד ערכו, בהיותו צופה נאמן לבית ישראל באנגליה, אשר בעניניו הישונים ימצא כל קורא עברי חפץ רב.

המחיר הנ"ל הורד רק בשביל „השבוע", למען קוראיו ברוסיה (ורק עד א׳ מרץ הבא, כאמור למעלה): אולם ביתר הארצות מחיר עתוננו הוא: 12 כתרים, 12 מארק, 10 שילינג, 3 דולר, 18 פרנק (בא"י 15 פרנק).

**האדריסה היחידה למו"ל „השבוע" ועורכו היא:**

**Dr. J. S. Fuchs, 55 Amhurst Rd. Hackney, London E.**

ברוסיה אפשר לפנות במשלוח כסף גם אל:

מו"ס **צוקרמאן,** „**תושיה**" ומערכת „**הצפירה**" בווארשא, **אברהם פוכס,** בביאליסטק ומו"ס **גינצבורג** בבאברויסק.